# רַבִּי מָרְדְּכַי

מִיט

# דֶעם פַּאבְּסְט

דָאס אִיז אַוואוּנְדֶערְבַּארֶע שֵׁיינֶע גֶעשִׁיכְטֶע
וָואס הָאט גִיטְרָאפִין מִיט דִיזֶען גְרוֹיסִין מַאן
הַצַּדִיק רַבִּי מָרְדְּכַי רוֹכֵל , מִיט דֶעם פַּאבְּסְט
(אַפִּיפְיוּר) פוּן רוֹם , עֶס אִיז זֵייעֶר אַנְגֶענֶעהְם
צוּא לֶעזִין וִויא הַשֵׁי״ת הָאט גִישִׁיקְט אַיין
הִילְף צוּא פִיל טוֹיזֶענְדֶער יְהוּדִים דוּרְךְ אִיהם ,
אוּנ דוּרְךְ זַיין גְרוֹיס פְרוּמְקַייט אוּנ חָכְמָה
אִיז עֶר זֵייעֶר גְלִיקְלִיךְ גִיוָואֹרִין .

פֶערְפַאסְט פָאן

ישראל במוהרי״מ ז״ל

(נַאכְדְרוּק זֵייעֶר שְׁטְרֵיינְג פֶערְבָּאטִין)


ווילנא

שנת תרמ״ז לפ״ק

# רַבִּי מָרְדְכַי

מִיט

# דֶעם פַּאבְּסְט

דָאס איז אַיין וואונְדֶערְבַּארֶע שֵׁיינֶע גֶעשִׁיכְטֶע וָואס הָאט גִיטְרָאפִּין מִיט דִיזֶען גְרוֹיסִין מַאן הַצַדִיק רַבִּי מָרְדְכַי רוֹכֵל, מִיט דֶעם פַּאבְּסְט (אַפִּיפִיוֹר) פון רוֹם, עֶס אִיז זֵייעֶר אַנְגֶענֶעהְם צוּא לֶעזִין וִויא השי"ת הָאט גִישִׁיקְט אַיין הִילְף צוּא פִּיל טוֹיזִינְדֶער יְהוּדִים דוּרְךְ אִיהם, אוּנ דוּרְךְ זַיין גְרוֹיס פְרוּמְקַייט אוּנ חָכְמָה אִיז עֶר זֵייעֶר גְלִיקְלִיךְ גִיוָארִין.

פֶערְפַאסְט פָאן

## ישׂראל במוהרי"מ ז"ל

(נאכְדְרוּק זֵייעֶר שְׁטְרֵיינְג פֶערְבָּאטִין)



# ווילנא

שנת תרמ"ז לפ"ק

РАББИ МОРДУХАЙ и ПАПА.

1887.

בשנת אִין דֶעם יָאהר תע״ב (1712) הָאט גִיוואוֹנְט אִין אַיין קְלֵיין שְׁטָאדְט פ . . . נָאהֶנְט בַּייא דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטָאדְט פּוֹזְנָא (וָואס דַאמָאלְס הָאט זִיא גִיהֶערְט צוּא פּוֹלִין): אַיין יְהוּדִי זַיין נָאמֶען אִיז גִיוֶעזֶין רבי מרדכי רוכל (דָאס הֵייסְט מרדכי דֶער קַאראַבֶּעלְנִיק) דֶעם רבי מרדכי הָאט מֶען גֶענוּמֶען פִיר אַיין וֵוייל קִינְד, עֶר הָאט גִילֶערְינְט זֵייעֶר נוּט גְמָרָא אוּנ פּוֹסְקִים, זֵייעֶר אַיין שַׁארְפְזִינִיגֶער יוּנְגֶער מֶענְטְשׁ, עֶר הָאט חֲתוּנָה גִיהַאט צוּא זֶעכְצִין יָאהר, דֶער שְׁוֶוער הָאט אִיהם גִיגֶעבִּין צְוֵוייא הוּנְדֶערְט גִילְדִין נַדְן מִיט זֵייעֶר אַיין שֵׁיינֶע אוּנ פְרוּמֶע מֵיידִיל פוּן פֶערְצִין יָאהר מֶען הָאט אִיר גֶערוּפִין שרה, דֶער שְׁוֶוער אִיז גִיוֶועןְ אַיין קְלֵיין שְׁטֶעדִילְדִיגֶער נָגִיד זֵייעֶר אַיין אָרֶענְטְלִיכֶער מֶענְטְשׁ, קֶעסְט הָאט עֶר אִיהם גִיגֶעבִּין זֶעקְס יָאהר, בַּייא קֶעסְט הָאט עֶר שׁוֹין גִיהַאט דְרַייא קִינְדֶער, וִויא דֶער מִנְהָג אִיז הָאט דֶער שְׁוֶוער אוֹיס גִיהַאלְטִין דִיא גַאנְצֶע גֶעזִינְדֶעלֶע מִיט אַלֶע זֵייעֶרֶע הִצְטַרְכוּת (בֶּעדֶערְפֶענִים) אוֹיף דֶעם שֶׁענְסְטִין אַרְט, דֶער שְׁוֶוער הָאט אַלֶעם גֶעלִיטִין מִיט דֶער הָאפֶענוּנְג אַז זַיין אֵיידִים וֶועט זַיין אַיין רָב אִין אַיין שְׁטָאדְט, אוּנ דָאס אִיז גִיוֶועזִין זַיין צִיל, צוּא זוֹכֶה זַיין זֶעהֶן אַז זַיין טָאכְטֶער שרהלע זָאל הָאבִּין אַיין רָב פַאר אַיין מַאן, וָוארוּם עֶר אַלֵיין

אִיז (רמ״פ)

איז אויך גיוואקסין פון גרויסע לייט, ער שטאמט פון דער פאמיליע פון הגאון רבי יצחק פויזנער, דער רבי פון הגאון מגן אברהם, יעדער זאך ציהט צוא זיין שורש זאגט דיא וועלט, דער רבי מרדכי, האט טאקי גיהאט זייער איין שיינעם נאמען, דען לבד זיין גרויסקייט אין דער תורה איז ער גיוועזין איין גרויסער ירא שמים, ער האט געקלונגען ארום פיר איין גרויסין תכשיט, דער שווער האט גיקוואלין אז מען האט איהם איין געשיקט איין טיטול מורנו (דער טיטול איז גיוועזין אין דיא פאריגע יאהרין זייער איין גרויסע זאך). אונ דער נאך איז דורך גיפארין דער פוזנער רב דורך דער שטאט, האט ער איהם גיגעבין סמיכה אויף רבנות פערשטייט מען דאך אז דער שווער איז גיוועזין מלא שמחה אז זיין האפנונג איז גיקומען, ער האט גימאכט איין גרויסע סעודה פיר ארעמע לייט, אונ האט פיעל צדקות צוא טיילט אונ האט זייער שיין אוים גיקליידעט דעם איידעם מיט דער טאכטער שרהלע, וויא עס פאסט פיר איין רב אונ איין רעבעצין, דער שווער האט גימיינט אז ער איז שוין איין רבם איין שווער אונ דיא וועלט איז שוין זיינע (ווארום דאמאלס איז דער כבוד התורה טאקי זייער גרוים גיוועזין) נאר זיין בטחון איז גיווארין צוא קראכין, דען ביז אהער האט אלס רבי מרדכי געשווינגין אונ האט גילערינט תורה לשמה פון נאטעס וועגין ניט צוא ווערין איין רב, ער האט זיך גיהאלטין ביי זיך זייער קליין, ויהי היום קומט אראפ איין בריעף פון איין שטאדט (וואס דארטין איז גישטארבין

דֶער רָב) פון פּוֹזֶענער גָלִיל, מִיט פִּיעֶל חֲתוּמִים אַז זַי
פֶערְלַאנְגֶען זַייעֶר, עֶר זָאל וֶוערִין דָארְטִין רָב, זַיין חֲיוּנָה
וֶועט דָארְטִין זַיין בְּכָבוֹד גָדוֹל אוֹיף דֶעם שֶׁענְסְטִין אוֹפָן.
אוּנ זַייא שְׁרַייבִּין דַייטְלִיך אַז דֶער פּוֹזֶענער גָאוֹן הָאט זַייא
אָנְגֶעוויזִין אוֹיף אִיהם, וְויא עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דֶער בְּרִיף
מִיט דִיא חֲתוּמִים צוּא זַיין הַאנְד, הָאט עֶר זַייא אָבּ
גֶעשְׁרִיבִּין דִיא וֶוערְטֶער, אהוב את המלאכה ושנא את
הרבנות, דָאס הֵייסְט לִיבּ צוּא הָרֶעוֶוען אוֹיף דַיין בְּרוֹיט
דוּרְךְ אַיין אַרְבֶּעט, אוּנ דוּא זָאלְסְט נִיט וֶועלִין זַיין קַיין
רָב, אַזוֹא זָאגִין אוּנְזֶערֶע הֵיילִיגֶע חֲכָמִים, אַזוֹא הָאט עֶר
זִיךְ אָבּ גִיזָאגְט פוּן רַבָּנוּת, דֶער שְׁוֶוער וִויא עֶר הָאט זִיךְ
דֶער פוּן דֶער וואוּסְט הָאט עֶר אִיהם אַרוֹיס גֶעטְרִיבִּין מִיט
זַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער ר׳ מרדכי הָאט אַלֶס מְקַבֵּל בְּאַהֲבָה
גִיוֶועזִין, אוּנ זַיין וַוייבּ שרהלע אִיז אוֹיךְ גִיוֶועזִין אַיין
עֶרִינְסְטֶע צְנוּעָה הָאט זִיא אַיין וָוארְט נִיט אִיבֶּער גִירֶעט,
אוּנ זָאגְט, מַיין לִיבֶּער מַאן וִויא דוּא פֶערְשְׁטֵייסְט אַזוֹא
זָאלְסְטוּ טָאהן, אוּנ וִויא מִיר וֶועלִין זִיךְ עֶרְנֶערִין אֲפִילוּ אִין
גְרוֹיס דוֹחַק (דְרִיקְקוּנְג) בִּין אִיךְ זַייעֶר צוּ פְרִידִין, ר׳ מרדכי
הָאט אוֹיף גֶעקְלִיבִּין זַיינֶע פָּאר הוּנְדֶערְט גִילְדִין אוּנ הָאט
אַיין גִיקוֹיפְט אַלֶערְלֵייא סָארְטִין קְלֵיינִיקַייטִין אוּנ אִיז
גִיוָוארִין גָאר אַיין קַארַאבֶּעלְנִיק, עֶר פְלֶעגְט אַרוּם גֵיין מִיט
דִיא סְחוֹרָה צְוֵוייא אָדֶער דְרַייא שְׁטוּנְדִין אִין טָאג אִין דִיא
דֶערְפֶּער אוּנ אִין דִיא קְלֵיינֶע שְׁטֶעטְלַאךְ, דֶער פוּן הָאט
עֶר גִיהַאט זַיין אָרִימֶע חֲיוּנָה אוּנ פְלֶעגְט בַּייא טָאג אוּנ
גַאנְצֶע נֶעכְט זִיצִין אוּנ לֶערְנֶען, וֶוען עֶר פְלֶעגְט אָן טָאהן

עס גרויסין פּאק אויף זיך אויף גיבויגין אין דרייען , איז גיוועזין שרעקליך צוא זעהען , דיא קינדער פלעגין נאך לויפין אין גאס זעהען וויא ר׳ מרדכי איז גיוואָרין איין קאַראַבעלניק פון דער צייט אָן און ווייטער האט מען איהם שוין אָן גערופען ר׳ מרדכי רוכל (קאַראַבעלניק) וואָס מען האט צוא רעט און גישטראָפט דעם שווער פיר דעם וואָס ער האט. קיין רחמנות ניט גיהאט אויף זיין איידים אַזוא איין גרויסין לייט , נאר עס האט גאר ניט גיהאָלפין , ער זאגט כל זמן אַז ער וועט ניט ווערין קיין רב וועט ער ניט שטיצן איהם אפילו אויף איין פּרוּטה אחת , דער צו איז ביים דעם שווער גישטאָרבין מיט איינינע יאָהר צוריק דיא ערשטע ווייב דיא וואָהרע שוויגער , דער נאך האט ער גינומען דיא צווייטע ווייב אונ האט מיט איהר שוין גיהאט קינדער , פערשטייט מען געווים אַז זיא האט גוט צו גיהאָלפין צו זיין שטרייננין קאַפּריז (קשה עורף) ניט רחמנות צוא האבין אויף ר׳ מרדכי הצדיק , דער רבי מרדכי האט זיין חן וחסד ניט פערלאָרין , וואו ער פלעגט אריין קומען מיט זיין פּאק סחורה , האט מען איהם ניט אַוועק גילאָזין . קיין מענטש האט זיך מיט איהם ניט גידונגען מען האט איהם גיצאָלט וואָס פאר איין מקח ער האט גיזאגט דען דיא חכמה אונ יראת שמים איז גילעגין אויף זיין געזיכט , לבד זאת איז ער גיוועזין נאך דער גרויסער פארשיין אונ זייער איין ליבליכער מענטש , זיין רייד איז גיוועזין אלס בנעימות (אנגענעהם) וויא איין גרויסער תלמיד חכם דארף זיין ,

אונ ניט גְרַאדֶע יְהוּדִים הָאבִּין אִיהם זייעֶר גֶעשֶׁעצְט , נָא
אֲפִילוּ קְרִיסְטִין פְּלֶעגִין אִיהם זייעֶר לוּיבִּין אונ לִיב גִיהַאט ,
עֶר פְּלֶעגְט אַרִיין גֵיין אִין אַיין הויז וָואס דָארְטִין אִיז גִיוֶועזִין
עֶטְוַואס אַיין מַחֲלוֹקֶת צוּ וִוישִׁין מַאן אוּנ וַוייבּ , עֶלְטֶערִין
מִיט קִינְדֶער , בַּעֲלֵי בָתִּים מִיט דִיא שְׁכֵנִים , בַּעֲלֵי
מְלָאכוֹת מִיט זייעֶרֶע יוּנְגֶען , נַבָּאִים מִיט שַׁמָשִׁים אוּנ
דָאס גְלַייכִין , פְּלֶעגְט עֶר שׁוֹין נִיט אַרוֹיס פוּן דֶער הויז
אַזוֹ , בִּיז וַואנֶען עֶר הָאט גִימַאכְט אַיין וַואהרֶען שָׁלוֹם ,
עֶר אִיז בִּיז דֶער צַייט גִיוָוארִין אַיין אוֹהֵב שָׁלוֹם וְרוֹדֵף
שָׁלוֹם וִויא אַהֲרֹן הַכֹּהֵן אִין זַיין צַייט , דֶער צוּא פְּלֶעגְט עֶר
פוּן זַיין אָרִימֶען פֶערְדִינְסְט (דֶען מִיט זַיין אֵיידֶעלֶעם
חַארַאקְטֶער הָאט עֶר נִיט גִיקָאנְט פִיל פַאר דִינֶען וַוייל
עֶר פְּלֶעגְט שְׁטֶעלִין אַיין קְלֵיינֶעם רֶוַח פוּן יֶעדֶער סְחוֹרָה)
הָאט עֶר נָאךְ פִיל צְדָקָה גִיגֶעבִּין , עֶר פְּלֶעגְט אַרַיין גֵיין
אִין פִיל פֶערְשַׁיידֶענֶע הַייזֶער מִיט זַיין סְחוֹרָה , דֶער וַוייל
הָאט עֶר גֶעוואוּסְט אַלֶע דְרִיקוּנְג אוּנ שְׁוֶוערֶע הֶערְצֶער ,
פְּלֶעגְט עֶר גֶעבִּין פוּן זַיין לֶעצְטֶע קָאפֵּייקֶע אוּנ
פְּלֶעגְט נָאךְ צוּא רֵיידִין אַנְדֶערֶע זָאלִין גֶעבִּין , דֶער רבי
מרדכי הָאט יֶעטְצְט בֶּעקוּמֶען נָאךְ אַיין גְרֶעסֶערִין נָאמֶען
וִויא פְרִיעֶר , וָוארוּם דֶער וָואס אַנְטְלוֹיפְט פוּן כָּבוֹד יָאגְט
דֶער כָּבוֹד אִיהם גְרַאדֶע נָאךְ , אַזוֹ זָאגִין אוּנְזֶערֶע הֵיילִיגֶע
חֲכָמִים , בִּיז וַואנֶען מֶען הָאט אִיהם שׁוֹין נִיט גֶערוּפִין רבי
מרדכי רוכל , נָאר רבי מרדכי שלום , וַוייל עֶר אִיז גִיוֶועזִין
פַרָאכְט אַיין מַלְאַךְ שָׁלוֹם (פְרִיעֶד עֶנְגֶעל) עֶר הָאט זִיךְ מוֹסֵר
נֶפֶשׁ גִיוֶועזִין נָאר צוּא מַאכִין שָׁלוֹם צוּ וִוישִׁין מֶענְטְשִׁין ,

מרדכי שלום אִיז גִיוֶועזִין זֵייעֶר צוּ פְֿרִידִין אוּנ אַיין שָׂמֵחַ
בְּחֶלְקוֹ , (פְֿרֵיילִיךְ מִיט זַיין טְהֵייל) וָואס הַשֵׁם יִתְבָּרַךְ הָאט
אִים גֶעשְׁפֵּייזְט בְּהֶתֵּר אוּנ נִיט בְּאִיסוּר , זַיין ווַייבּ שרה
פְֿלֶעגְט זִיךְ אוֹיךְ פְֿרֵייעֶן אַז זִיא הָאט חֲיוּנָה אָן צַעַר אוּנ
הָאבִּין בֵּיידֶע גִילֶעבְּט אַיין טַייעֶרִין פְֿרוּמֶען לֶעבִּין , אוּנ
קִינְדֶער עֶרְצוֹיגִין אִין דֶער אִידֶעשֶׁע כָּשֵׁרָה וֶועג אַלֶעס אוֹיף
דֶעם שֶׁענְסְטִין אוֹפָן , אָבְּוָואל נִיט אֵיינְמָאל הָאט זִיא
גִיוֵויינְט מִיט טַייכִין טְרֶערִין אַז אִיהר טְרַייעֶר מַאן אַיין
גָדוֹל בְּיִשְׂרָאֵל זָאל דַארְפִֿין טְרָאגִין אוֹיף זִיךְ אַזוֹא אַיין
שְׁוֶוערִין פַּאק , וָואס זַיין אֵיידֶעלֶער קֶערְפֶּער הָאט דָאס
קַיין מָאל נִיט גֶעפְּרוּבְט . נָאר ר׳ מרדכי פְּלֶעגְט אִיהר זֵייעֶר
פִֿיל טְרֵייסְטִין מִיט דֶעם וָואס קֵיינֶער דְרִיקְט אִיהם דָאךְ נִיט
דֶער צוּא , נָאר זַיין רָצוֹן אִיז דָאס אַלַיין , כְּדֵי עֶר זָאל קָאנֶען
דִינֶען הש״י מִיט מְנוּחָה אוּנ מִיט אַיין רוּהִיגֶע הַארְץ , אוּנ
אַגָב הָאט זִיא זִיךְ שׁיין דֶער צוּא אַיינְגִיוֵוייְנְט אוּנ הרגל
נעשה טבע (דִיא גִיוֵויינְהַייט וֶוערְט שׁוֹין אַיין נַאטוּר בַּייא
אַיין מֶענְטְשִׁין) בִּיז ווַאנֶען אַז זִיא הָאט גִימֵיינְט אַז זִיא
אִיז שׁוֹין אַזוֹא גִיבָּארִין אַיין אָרִימֶע קַארַאבֶּעלְנִיצֶע . אוּנ
אִיהר אִיז שׁוֹין זֵייעֶר גוּט גִיוֶועזִין .

לִיבֶּע לֶעזֶער ! נִיט וֶועִיג שְׁטֵייט אַיין מֶענְטְשׁ אוֹיף
אֵיין בֶּעשְׁטַאנְד , זַיינֶע לֶעבִּינְס צֵייטִין דְרֵייעֶן זִיךְ אַרוּם ,
אַיין מָאל נָאר אַרוֹיף אַיין מָאל נָאר אַרָאפּ . אוּנ עֶר
וִוינְטְשְׁט זִיךְ עֶר זָאל שְׁטֵיין אוֹיף דֶעם מִיטוֹל פּוּנְקְט ,
פְּלוּצְלוּנְג הָאט גִיטְרָאפִֿין ר׳ מרדכעלן אַיין סִיבָּה וָואס עֶר
אִיז גָאר אַרָאפּ פוּן זַיין אָרִימֶען בֶּעשְׁטַאנְד אוֹיךְ אוּנ אִיז

אונגליקליך געווארין, אונ דאס איז געוועזין דיא סיבה
בייא ר׳ מרדכי שלום איז געוועזין דער שטיינגער, אז ווען
עס פלעגט זיך בייא איהם קאנצען דיא סחורה, פלעגט
ער קומען אין פוזנא קויפין אנדערע סחורה, דארטין האט
ער גיהאט איין גרויסע קאנטע בייא איין גרויסין קויפמאן,
וייל ער פלעגט היטין צוא צאלין אין דעם טערמין צום
מינוט, ער האט גענומען סחורה אן געלד אונ ער פלעגט
פערבארגין דיא סחורה אויך אן געלד.

ויהי היום וויא עס האט זיך אויס געליידיגט זיין פאק
איז ער געקומען אין פוזנא, ער האט איין גיצאלט זיין
חוב (שולד) אונ האט בייא דעם קויפמאן גענומען ווידער
אסך סחורה האט ער זיך מישב געוועזין פוזנא אליין איז
דאך צוואנציג קליין שטעטליך מיט דערפער איז דאך
איהם כדאי צוא זאמען זיך אין אידר איינינע טענ אונ ער
וועט דארטין אויך קאנען לייזין, וכך הוה אונ אזוא איז
טאקי געוועזין, ער האט גענומען דעם פאק אויף זיך אונ
גייט אזוא אין גאס, פלוצלונג הערט ער וויא איינער רופט
איהם אויף פוליש, קאראבעלניק קומט אהער! קומט
אהער! אידר וועט דא לייזין געלד, ער גייט נאך דער
שטימע זעהט ער וויא איין קנעכט זייער שיין גיקליידעט
רופט איהם, פרעגט ר׳ מרדכי בייא איהם וואס דארפט
אידר קויפין? זאגט דער קנעכט איך דארף גאר ניט,
נאר גייט ארויף אויף דעם צווייטין אטאז דארטין אין
נומער 8 שטייט איין מיין העער. ער רופט איך ער וועט
בייא איך קויפין אסך זאכין, ער גייט ארויף זעהט ער

וויא אַיין קאַטֵיילִישֶׁער פְּרִיסְטֶער (גַלָח) גֵייט אַרוֹיס פוּן צִימֶער אוּנ פְרֶעגְט: אִיהר הָאט דָאס אוּנ דָאס? יֶע אִיךְ הָאבּ אַלֶעס, וואס אַיין קאַראבֶּעלְנִיק דארְף הָאבִּין וֶועט אִיהר לִיבֶּער הֶער אַלֶעס בֶּעקוּמֶען בַּייא מִיר. טְרָאג אַרַיין צוּא מִיר אִין צִימֶער דֶעם גַאנְצִין פַּאק, זָאגְט דֶער פְּרִיסְטֶער, עֶר הָאט אַרַיין גִיטְרָאגִין וויא עֶר הָאט אִיהם גִיזָאגְט, אוּנ דֶער פְּרִיסְטֶער הָאט אוֹיס גֶעקְלִיבִּין אַלֶע סָארְטִין שְׁפִּיגֶעלַאךְ, מֶעסֶערְלַאךְ, טֵייסְטֶערְלַאךְ, וּכְדוֹמֶה נָאךְ אַזֶעלְכֶע פֶערְשֵׁיידֶענֶע מִינִים, בִּיז וואָגֶען אַז עֶס אִיז כִּמְעַט גָאר נִיט גִיבְּלִיבִּין בַּייא אִיהם, פְרֶעגְט דֶער פְּרִיסְטֶער וואס קוּמְט דִיר פַאר דֶעם אִין סַךְ הַכֹּל? זָאגְט עֶר אִיהם אַזוֹא פִיל אוּנ אַזוֹא פִיל, זָאגְט דֶער פריסטער דִיא אוּנ דִיא מִינִים וואס אִיךְ צֵייכִין דִיר דָא אוֹיס זָאלְסְטוּ מִיר מָארְגִין בְּרֵיינְגֶען וֶועל אִיךְ דִיר בֶּעצָאלִין צוּא זַאמֶען, ר' מרדכי שלום אִיז אַרוֹיס מִיט שִׂמְחָה אַז עֶר וֶועט דָא מָארְגִין אָפּ נֶעמֶען אַיין גְרוֹיסֶע מַטְבֵּעָה מִיט אַיין מָאל, אוֹיף מָארְגִין הָאט עֶר אִיהם גִיבְּרַאכְט אַלֶע מִינִים וואס עֶר הָאט אִיהם גִיבֶּעטִין. דֶער פריסטער הָאט דָאס בַּייא אִיהם זֵייעֶר שֵׁיין צוּא גֶענוּמֶען, אוּנ פְרֶעגְט אִיהם דִיא אוּנ דִיא מִינִים קָאנְסְטוּ בֶּעקוּמֶען פִיר מִיר? יֶע זָאגְט רבי מרדכי, זָאלְסְטוּ מִיר בְּרֵיינְגֶען מָארְגִין דָאס אַלֶעס מִיט אַיין חֶשְׁבּוֹן וֶועל אִיךְ דִיר צוּא זַאמֶען בֶּעצָאלִין, אִיז ר' מרדכי אַרַיין דָאס אִין נָאז, גָאר עֶס הֶעלְפְט דָאךְ שׁוֹין נִיט מֶען מוּז שְׁווִימֶען וַוייטֶער אַז מֶען פַאלְט אִין אַיין טִיפֶע וואסֶער. אוֹיף דֶעם דְרִיטִין טָאג הָאט עֶר אִיהם

גִיבְּרַאכְט אַלֶעס וָואס דֶער פריסטער הָאט בַּייא אִיהם גִיבֶּעטִין , אונ וַוייזְט אִיהם שׁוֹין אַיין חֶשְׁבּוֹן אַז בְּסַךְ הַכֹּל קוּמְט פוּן אִיהם שֵׁיינֶע עֶטְלִיכֶע הוּנְדֶערְט גִילְדִין , זָאגְט דֶער פריסטער צוּא אִיהם לִיבֶּער הֶער , דֶער חֶשְׁבּוֹן אִיז אַיין רִיכְטִיגֶער , נָאר קַיין גֶעלְד אִיז נִיטָא , אִיךְ בִּין גִיבְּלִיבִּין אָן אַיין גְרָאשִׁין , אִיךְ קָאן דיר נָאר נִיט הֶעלְפִין , ר' מרדכי הָאט גִימֵיינְט אַז עֶר לַאכְט פוּן אִיהם , זָאגְט עֶר צוּא אִיהם וָואס לַאכְט אִיהר נֵייסְטְלִיכֶער מֶענְטְשׁ פוּן אַיין אָרִימֶען יְהוּדִי וִויא אִיךְ בִּין , פוּן מַיין אָרִימֶען פַּאק סְחוֹרָה עֶרְנֶער אִיךְ זִיךְ מִיט אַיין קְרַאנְקֶע וַוייבּ אונ פִיר קִינְדֶער , אונ דִיא גֶעלְד פוּן דִיא סְחוֹרָה אִיז אוֹיךְ נִיט מַיינֶע נָאר אִיךְ נֶעהם דָאס אוֹיף בָּארְג , זָאגְט דֶער פריסטער וָואס אִיז דִיא פְּעוּלָּה וָואס אִיהר רֶעדְט , קַיין גֶעלְד הָאבּ אִיךְ נִיט עֶס אִיז אַיין שָׁאד אַייעֶרֶע וַואהְרֶע רֵייד , פִילַייכְט דַארְפְט אִיהר דִיא סְחוֹרָה נִיט , קָאן אִיךְ זִיא גֶעמֶען צוּרִיק , זָאגְט דֶער פריסטער צוּא אִיהם אַז אִיךְ וָואלְט נִיט בַּארְפִין נֵייטִיג וָואלְט אִיךְ בַּייא דִיר נִיט גֶענוּמֶען , רבי מרדכי זֶעהְט אַז עֶס אִיז בִּיטֶער הָאט עֶר אָן גִיהֵייבִּין שְׁטַארְק צוּא וֵויינֶען , זָאגְט צוּא אִיהם דֶער פריסטער עֶס וֶועט אַייךְ נִיט הֶעלְפִין אַייעֶר יָאמֶער אונ גֶעוֵויין , קַיין גֶעלְד הָאבּ אִיךְ נִיט , נָאר דוּא זָאלְסְט גִידֵיינְקֶען דֶעם פָּסוּק אִין קֹהֶלֶת וָואס שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ זָאגְט שלח לחמך על פני המים וגו' שִׁיק אַוֶועק דַיין בְּרוֹיט אוֹיפִין וַואסֶער וָוארוּם אִין אַיין צַייט אַרוּם וֶועסְטוּ דָא גֶעפִינֶען , דָאס הֵייסְט דָאס וֶועט דִיר אָפּ רוּפִין זִיךְ אַיין מָאל מִיט אַיין גְלִיק ,

ן פאר שְׁרַייבְּט זַיין נָאמֶען אִין אַיין בּוּךְ אוּנ גֵייט אַוֶועק אִין אַיין אַנְדֶער צִימֶער אוּנ פַאר שְׁלִיסְט זִיךְ, ר' מרדכי זֶעהְט אַז עֶס אִיז שׁוֹין קֵיין שׁוּם הָאפֶענוּנְג נִיט אוֹיף גֶעלְד, אוּנ דֶער דִינֶער זָאגְט אִיהם אוֹיךְ אַז דֶער פריסטער הָאט פֶערְשְׁפִּילְט דִיא גַאנְצֶע גֶעלְד אִין קָארְטִין אוּנ הָאט נִיט מִיט וָואס צוּא פָארִין אִין וֶועג אוּנ מַאכִין אַיין רַעשׁ אָדֶער זוּכִין אוֹיף אִיהם אַיין מִשְׁפָּט, אִיז אִין יֶענֶער צֵייט גִיוֶועזִין אוּם זִיסְט, זַיין לֶעבִּין וָואלְט נָאךְ גִיוֶועזִין אִין סַכָּנָה, בֶּעט ר' מרדכי דֶעם פריסטער עֶר זָאל אִיהם עֶפֶּענֶען דִיא טְהִיר, עֶר וִויל מִיט אִיהם עֶטְוָואס רֵיידִין, אַזוֹא אִיז גִיוֶועזִין עֶר הָאט זִיךְ מִיט אִיהם זֵייעֶר שֵׁיין גִיזֶעגִינְט, אוּנ בֶּענְטְשְׁט אִיהם מִיט אַיין גְלִיקְלִיכֶע רֵייזֶע נָאר — זָאגְט ר' מרדכי וֶוען גָאט וֶועט אַייךְ בְּרֵיינְגֶען גְלִיקְלִיךְ צוּ הוֹיזֶע זָאלְט אִיהר נִיט פֶערְגֶעסִין דֶעם אָרִימֶען אִידֶעשִׁין קַארַאבֶּעלְנִיק וָואס הָאפְּט אוֹיף אַייעֶר גְלִיק אוּנ בֶּעט פִיר אַייעֶר גֶעזוּנְד, דֶער פריסטער הָאט אִיהם זֵייעֶר גִידַאנְקְט אוּנ זָאגְט ווִידֶער דֶעם פָּסוּק שלח לחמך על פני המים וגו'.

ר' מרדכל'ע אִיז אַרוֹיס פוּן זַיין סְטַאנְצִיֶע זֵייעֶר טְרוֹיעֶרְדִיג אוּנ הָאט גֶעבַאךְ גֶעוֵויינְט גָאר אָן אוֹיפְהֶערוּנְג, וָוארוּם יֶעטְצְט אִיז עֶר אוּנְגְלִיקְלִיךְ גָאר אָן אַיין בְּרֶעג, וָואס זָאל עֶר גֶעבַאךְ יֶעטְצְט טָאהן? עֶר הָאט דֶעם לֶעצְטִין גְרָאשִׁין אַוֶועק גִיגֶעבִּין דֶעם סְקְלַאדְנִיג וָואס עֶר הָאט בַּייא אִיהם גִינוּמֶען דִיא סְחוֹרָה אוֹיף בָּארְג, עֶר הָאט פֶערְקוֹיפְט דֶעם לֶעצְטִין בֶּגֶד אוּנ הָאט אַלֶעס אִיהם אַוֶועק גִיגֶעבִּין אוּנ אִיז אַלֶעס גֶעבְּלִיבִּין אִיהם שׁוּלְדִיג גֶעלְד, צוּא הוֹיזֶע

הָאט עֶר נָעבַּאךְ אוֹיךְ נִיט גִיקָאנְט קוּמֶען בְּשׁוּם אוֹפָן
אוּנ דֶער צוּא דֶער שְׁוֶוער מִיט דֶער שְׁטִיף מוּטֶער זָאלִין
נִיט זֶעהֶען אַיין נְקָמָה פוּן אִיהם. הָאט עֶר אַוֶועק גֶעשִׁיקְט
אַבְּרִיף צוּא זַיין אוּנְגְלִיקְלִיכֶע פְרוֹיא מִיט זַיינֶע קִינְדֶערְלַאךְ,
עֶר הָאט זַייא דֶער צֵיילְט דֶעם אוּנְגְלִיק וָואס אִיהם הָאט
גִיטְרָאפִין, אוּנ עֶר מוּז זִיךְ אַוֶועק לָאזִין אִין אַיין וַוייטֶע
לַאנְד זוּכִין דֶעם גְלִיק, פִילַייכְט וֶועט הַשֵׁם יִתְבָּרַךְ אוֹיף
אִיהם דֶער בַּארֶעמֶען זִיךְ, אוּנ הָאט פֶערְזִיכֶערְט זַיין ווַייבּ
אוּנ קִינְדֶער אַז זַיין הַארְץ מִיט זַיינֶע גִידַאנְקֶען וֶועט זַיין
צוּא זַייא אֲפִילוּ אַז עֶר וֶועט זִיךְ דֶער ווַייטֶערִין אִין
עֶנְדֶע וֶועלְט.

דָאס פֶערְשְׁטֵייט מֶען גוּט וִויא אִיז נֶעבַּאךְ גִיוֶועזִין
דֶער ווַייבּ מִיט דִיא קִינְדֶער אוֹיפִין הַארְצִין וֶוען זַייא הָאבִּין
בֶּעקוּמֶען דֶעם טְרוֹיעֶרְדִיגִין בְּרִיף, נָאר זַיין ווַייבּ שרה
אִיז גִיוֶועזִין אַיין גְרוֹיסֶע צְנוּעָה הָאט זִיא אַלֶעם מְקַבֵּל
בְּאַהֲבָה גִיוֶועזִין, וָוארוּם זִיא ווַייס גַאנְץ גוּט אַז יֶעדֶער
זַאךְ אִיז אַלֶעם בְּהַשְׁגָחָה פוּן גָאט, אוּנ עֶס קָאן זַיין אַז
פוּן דֶעם אוּנְגְלִיק וֶועט זִיךְ אוּיס שְׁנֵיידִין אַיין גְלִיק, אוּנ
ווּאוֹל אִיז צוּא דֶעם מֶענְטְשִׁין וָואס עֶר גֵייט אִין גָאטֶעס
וֶועג אוּנ פֶערְלָאזְט זַיין גַאנְצִין הָאפֶענוּנְג אוֹיף אִיהם.

ר׳ מרדכי שלום הָאט אָן גִיטָאהן אוֹיף זִיךְ בֶּעטְלֶער
קְלֵיידֶער אוּנ אִיז גִינַאנְגֶען פוּן שְׁטָאדְט צוּא שְׁטָאדְט פוּן
מְדִינָה צוּא מְדִינָה. דוּרְךְ גְרוֹיסֶע סַכָּנוֹת וָוארוּם פַאר צֵייטִין
אִיז גִיוֶועזִין טַאקִי סַכָּנוֹת צוּא זַיין אִין אַיין ווַייטֶע וֶועג,
דֶען דִיא וֶועג אִיז גִיוֶועזִין נִיט בֶּעזֶעצְט, וֶועג רוֹיבֶּער

פלעגין (ר״מ)

ענין זיך גֶעפִינֶען אִין אַלֶע וֶועלְדֶער אוּנ זַייטִיגֶע שְׁטֶעגִין אוּנ כִּמְעַט יֶעדֶער פִירְסְט פוּן דֶער מְדִינָה הָאט גִיהַאט מִלְחָמוֹת מִיט דֶער צְווַייטֶע מְדִינָה קוּילִין פְלֶעגִין פְלִיעֶן אִיבֶּער דִיא קֶעפּ אוּנ עֶס אִיז גִיוֶועזִין יֶעדֶער טוּיֶער פוּן מְדִינָה פַאר וַואכְט, אִיז יֶעדֶער בַּייזֶענְדֶער אוּנ יֶעדֶער פוּס גֵייעֶר גִיוֶועזִין אִין גֶעפַאר אוּנ כְּדֶרֶךְ הַטֶבַע אִיז אַיין אָרִימֶער יְהוּדִי גִיוֶוען אָנְגִיבְּרֵייט צוּא אַלֶע צָרוֹת אוּנ צוּא פֶערְשַׁיידֶענֶע אוּנְגְלִיקִין, נָאר גָאט וָואס עֶר אִיז אַיין שׁוֹמֵר יִשְׂרָאֵל בַּכֹּל הָאט עֶר גִיהִיט דֶעם טַייעֶרִין מֶענְטְשִׁין ר׳ מרדכי בִּיז וַואנֶען עֶר אִיז דוּרְךְ גִיגַאנְגֶען אַלֶע וֶועגִין אוּנ אַלֶע שְׁטֶעגִין שְׁטֶעט אוּנ וֶועלְדֶער, לֶענְדֶער אוּנ מְדִינוֹת בִּיז וַואנֶען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין דֶער רֶעזִידֶענְץ שְׁטָאט ווִיעֶן אוּנ אוֹסְטְרַייךְ בְּשָׁלוֹם! אִין ווִיעֶן אִיז גִיוֶועזִין אַיין פְרִיקַאז פוּן מְלוּכָה אַז קַיין יְהוּדִי טָאר זִיךְ נִיט פֶערְזַאמֶען אִין ווִיעֶן מֶער ווִיא אַיין טָאג; אַזוֹא הָאט זִיךְ יֶעדֶער אוֹרֵחַ וָואס קוּמְט אִין ווִיעֶן גֶעמוּזְט אוּנְטֶער שְׁרַייבִּין אִין רִיכְט הוֹיז. אוּנ הָאט בֶּעקוּמֶען אַיין קַארְטֶע אוֹיף אַיין טָאג, אוּנ וֶוען מֶען הָאט גִיחַאפְּט אַיין אִיבֶּערִיגִין טָאג, הָאט מֶען אִים אִין אַסְטְרָאג פֶערְזֶעצְט אוּנ גֶערִיכְטֶעט מִיט יְסוּרִים.

אִין ווִיעֶן אִיז גִיוֶועזִין נָאר גֶעצֵיילְטֶע יְהוּדִים וָואס הָאבִּין גִיהַאט רְשׁוּת צוּא וַוויינֶען, אִין דֶעם קְלֵיינֶעם צָאל יְהוּדִים אִיז גִיוֶועזִין צְווַייא גְרוֹיסֶע גְבִירִים וָואס הָאבִּין גִיהַאט אַיין גְרוֹיסִין בֶּערוּף אוֹיף דֶער וֶועלְט, אַיינֶער אִיז בֶּעוואוּסְט מִיט דֶעם נָאמֶען, רבי שמעון ווֶערְטְהַיים דֶער מֶענְטְשׁ אִיז גִיוֶועזִין אַיין גְרוֹיסֶער מַאן אִין לֶערְנֶען קֶען

הָאט אִיהם גִיגֶעבִּין דֶעם טִיטִיל גָאון אִין פֶּערְצַייטֶן יָאהְרִין, עֶר אִיז גִיוֶועזִין רַב אִיבֶּער גַאנְץ מְדִינַת אוּנְגֶערִין (וָואס גִיהֶער צוּא אוֹיסְטְרַייךְ) פֶּערְשְׁטֵייט מֶען דָאךְ אַז עֶר אִיז גִיוֶועזִין אַיין צַדִיק אוּנ אַיין גְרוֹיסֶער לַייט דֶער צוּא אִיז עֶר גִיוֶועזִין אַיין אוֹיסְגֶענֶעמִיגֶער גְבִיר צוּא זַיין עֲשִׁירוּת אִיז גָאר קַיין שִׁאץ נִיט גִיוֶועזִין עֶר אִיז גִיוֶועזִין אַיין סָארְט רָאטְהְשִׁילְד אִין דֶער צַייט, אַז דֶער קֵייסֶער פְלֶעגְט בַּייא אִיהם לַייעֶן גֶעלְד, זַיין עֲשִׁירוּת אִיז גִיוֶועזִין פוּן זַיין גְרוֹיס חָכְמָה, אוּנ זַיין וִויסֶענְשַׁאפְט, עֶר פְלֶעגְט זַיין דֶער גַאנְצֶער רִיכְטֶער פוּן דֶער מְדִינָה אוּנ אֲפִילוּ קְרִיסְטִין פְלֶעגִין קוּמֶען צוּא אִיהם אוֹיף אַיין מִשְׁפָּט, בֶּעסֶער וִויא אִין זַייעֶרֶע מִשְׁפָּטִים, אַלֶע גֶעלְטִין פוּן דֶער מְדִינָה אִיז אַלֶעס גִיוֶועזִין בַּייא אִיהם אַיין גִילַייגְט זַיינֶע צְדָקוֹת אִיז גִיוֶועזִין פֶּערְשְׁפְּרַייט אוֹיף דֶער וֶועלְט, אַלֶע יְהוּדִים אִין פּוֹלִין אוּנ נָאךְ מְדִינוֹת פְלֶעגְט עֶר טָאהן גוּטֶעס אוּנ גְרוֹיסֶע חֲסָדִים, אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט זַייעֶר פִיל גֶעלְד, בַּייא דֶעם קֵייסֶער אִיז עֶר גִיוֶועזִין דִיא אוֹיג פוּן קָאפּ עֶר פְלֶעגְט כִּמְעַט אָן זַיין עֵצָה קַיין זַאךְ נִיט טָאהן, עֶר פְלֶעגְט אַלֶעס בֶּעטִין רַחֲמִים פַאר דִיא יְהוּדִים אוּנ דֶער קֵייזֶער הָאט מִיט זַייא פִיל טוֹבוֹת גִיטָאהן, נָאר צוּא לִיבּ דִיא קַאטֵיילִישֶׁע גַלָחִים (פְּרִיסְטֶער) אוּנ הֶערְצְבִּישׁוֹפִין פְלֶעגְט זַיין אוֹיף יְהוּדִים אַלֶע גְזֵירוֹת.

דֶער קֵייזֶער הָאט נָאר בֶּעמֶערְקְט אַז פִיל גְרַאפִין אוּנ פְּרִיסְטֶער הָאבִין זִיךְ זַייעֶר מִתְקַנֵא גִיוֶועזִין אָן זַיין גְרוֹיס עֲשִׁירוּת, הָאט עֶר מוֹרָא גִיהַאט פִילַייכְט קָאן מֶען אִיהם

וצלונג אוּנְגְלִיקְלִיךְ מַאכִין, הָאט דֶער קֵייזֶער גֶעשְׁטֶעלְט
אַיין וַואךְ בַּייא דֶעם טֶעמְפֶּיל פוּן דַהְגְבִיר הַגָאוֹן ר' שמעון
ווערטהיימער (אַזוֹא שְׁרַייבְּט מֶען אִין הִיסְטָארְיֶע רִיכְטִיגֶע
װֶערְטֶער נִיט קֵיין פַאנְטַאזְיֶע גִידַאנְקֶען) צֶעהֶען זֶעלְנֶער
מִיט גִיוֶוער הִיטִין אִיהם זָאל קֵיין הָאר נִיט גֶעמִינֶערְט
װֶערִין, אוּנ אוֹיךְ צוּא לִיבּ גְרוֹים כָּבוֹד, אַז אַלֶע דִיא
גְרֶעסְטֶע שָׂרִים אַז זַייא פְלֶעגִין דַארְפִין קוּמֶען צוּם אִידֶעשִׁין
פִירְסְט ווערטהיימער פְלֶעגְט זַיין רִיכְטִיג וִויא צוּם קֵייזֶער
אָן קוּמֶען, אִין קוּרְצִין: דֶער קֵייזֶער הָאט אִיהם זַייעֶר
גִישֶׁעצְט אוּנ דֶעם גַאנְצִין גֶעשֶׁעפְט פוּן צוּא שְׁטֶעלִין אַלֶע
פְּרִיפַּאסִין חַארְץ פַאר דֶעם גַאנְצִין אַרְמֵייא (חַיִל) פוּן דֶער
גַאנְצֶער מְלוּכָה הָאט דֶער קֵייזֶער אִיבֶּער נִיגֶעבִּין דֶעם ר'
שמעון ווערטהיימער, דָאס אִיז זֵייעֶר אַיין גְרוֹים עֲשִׁירוּת·
נָאר וַוייל אִיהם אִיז גִיוֶועזִין זֵייעֶר שְׁוֶוער דִיא גְרוֹים מִיהֶע
(טִרְחָה) אַכְטוּנְג צוּא גֶעבִּין אוֹיף דִיא פִיל מֶענְטְשִׁין
פַאדְרַאצִיקֶעס, שְׁרַייבֶּער, בּוּכְפִיהְרֶער, קוֹיפְלַייטֶע חָאס
מֶען דַארְף דֶער צוּא (דֶען עֶר אִיז דָאךְ גִיוֶועזִין אַיין גְרוֹיסֶער
רָב אוֹיךְ, אוּנ פוּן אַלֶע קַאנְטִין אִיז גֶעקוּמֶען צוּא אִיהם
שַׁאֲלוֹת וּתְשׁוּבוֹת פוּן רַבָּנִים) הָאט עֶר גֶענוּמֶען אַיין שׁוּתָּף
דֶעם גְרוֹיסִין גְבִיר עמנואל אפּפענהיים עֶר אִיז אוֹיךְ גִיוֶועזִין
אַיין גְרוֹיסֶער בַּעַל צְדָקָה אוּנ זַייעֶר תַּקִיף בַּייא דֶעם
קֵייזֶער, דֶער ר' שמעון ווערטהיים אִיז גִיוֶועזִין אַזוֹא גְרוֹים
אַז אִין אַלֶע מְדִינוֹת הָאט מֶען אִיהם גֶערוּפִין אִידֶעשֶׁער
קֵייזֶער, דֶען עֶר הָאט גֶעפִירְט אַיין קֵייזֶערְלִיכִין שְׁטַאט אִין
וִוינְן, קִינְדֶער הָאט עֶר גִיהַאט זֶעקְס, אוּנ יֶעדֶער קִינְד

 הָאט

הָאט עֶר גִינֶעבִּין נַדַן צְוֵוייא מָאל הוּנְדֶערְט טוֹיזִינְד רוּבִּיל, אוּנ כְּדֶרֶךְ הַטֶּבַע הָאט דֶער צוּא נָאךְ עֶפֶּעס גִיקָאסְט חוּץ דֶעם נַדַן, (ווִיא עֶס אִיז בֶּעוואוּסְט אִיז אַלֶע הוֹצָאוֹת פוּן אַיין קִינְד אוֹיס גֶעבִּין אִיז כִּמְעַט נָאךְ אַיין מָאל אַזוֹא פִּיל וִויא דֶער גַאנְצֶער נַדַן אִיז) דֶער פוּן קָאן מֶען אוֹיךְ פַאר שְׁטֵיין זַיין רַייכְטְהוּם, עֶר פְלֶעגְט קִינְדֶער לֶערְנֶען זֵייעֶר גוּט גְמָרָא מִיט גְרוֹיס חֲרִיפוּת (שַׁארְפְזִינִיגְקַייט) ווָארוּם דֶער לֶערְנֶען גְמָרָא, זָנְדֶער ווָאס דָאס אִיז אַיין גְרוֹיסֶער חִיוּב אַז יֶעדֶער יְהוּדִי זָאל דָאס לֶערְנֶען זַיין קִינְד ווָארוּם דִיא גַאנְצֶע אִידֶעשֶׁע אֱמוּנָה (גְלֵייבִּין) אִיז גֶעבּוֹיט אוֹיף דֶער גְמָרָא, אוּנ אָן אִיהר קָאן בְּשׁוּם אוֹפֶן דָאס קִינְד נִיט זַיין צוּא גֶעבּוּנְדִין צוּם יוּדֶענְטְהוּם וִויא מֶען דַארְף, דֶער צוּא אִיז נָאךְ זֵייעֶר נֵייטִיג דֶער לִמּוּד פוּן גְמָרָא פַאר קִינְדֶער, דֶען דָאס עֶנְטְווִיקִילְט אִיהם דֶעם שֵׂכֶל (פֶערְשְׁטַאנְד) מֶער וִויא אַלֶע חָכְמוֹת אוֹיף דֶער וֶועלְט, דֶער לִמּוּד עֶפִינְט דָאס קִינְד דִיא אוֹיגִין; אִין דֶער צַייט הָאט זִיךְ אִין וִויעֶן נִיט גִיטָארְט פֶערְזַאמֶען אַיין יְהוּדִי נָאר אֵיין טָאג נִיט מֶעהר, אוּנ דָאס אִיז גִיוֶועזִין זֵייעֶר שְׁטְרֵיינְג אוֹיף גֶעהִיט פוּן מְלוּכָה דוּרְךְ אַיין קַארְטֶע ווָאס עֶר פְלֶעגְט בֶּעקוּמֶען אוֹיף אֵיין טָאג אִין פָּאלִיצֵייא, פֶערְשְׁטֵייט מֶען גוּט אַז קֵיין אוֹרֵחַ (גַאסְט) הָאט זִיךְ נִיט גֶעפוּנֶען אִין וִויעֶן נָאר זֵייעֶר זֶעלְטִין דִיא אֵיינִיגֶע גֶעצֵיילְטֶע יְהוּדִים ווָאס הָאבִּין גִיוואוּנְט אִין וִויעֶן הָאבִּין זֵייא גִיהַאט פְּרִיווִילֵיגְעס (זְכִיוֹת) פוּן מְלוּכָה, ווָאס דוּרְךְ גְרוֹיסֶע צָרוֹת אוּנ פִּיל אוּנְגְלִיקִין הָאבִּין זֵייא דָאס בֶּעקוּמֶען. נָאר אַיין אוֹרֵחַ אִיז אוּנְגְלִיקְלִיךְ

גִיוֶועזִין , עֶר הָאט זִיךְ נִיט גִקָאנְט אֲפִילוּ זֶעהֶען מִיט זַיין פַאמִילְיֶע אִין וִוינֶען , פֶערְשְׁטֵייט מֶען דָאךְ אַלֵיין אַז יְהוּדִים הָאבִּין מוֹרָא גִיהַאט צוּא קוּמֶען אִין וִוינֶען וִויא פַאר פַּייעֶר , נָאר דִיא אֵיינִיגֶע קוּיפְלַייטֶע אָדֶער גִילֶערְנְטֶע מֶענְטְשִׁין וָואס הָאבִּין גִידַארְפְט נֵייטִיג צוּא ר' שמעון ווערטהיימער , דִיא הָאבִּין בֶּעקוּמֶען אַיין קַארְטֶע פוּן אִיהם , הָאט מֶען זֵייא עֶרְלוֹיבְּט צוּא זַיין וִויא פִיל עֶר הָאט אוֹיס גִיצֵייכְנְט אִין קַארְטֶע , אוּנ ר' שמעון ווערטהיימער הָאט זִיךְ גֶעמוּזְט שְׁטַארְק הִיטִין עֶר זָאל נִיט פִיל קַארְטֶעס אַרוֹיס גֶעבִּין כְּדֵי עֶר זָאל נִיט הָאבִּין אוֹיף זִיךְ אַיין חֲשַׁד (פֶערְדַאכְטוּנְג) פוּן מְלוּכָה .

אִין דֶער צַייט אִיז גִיוֶועזִין שְׁוֶוער צוּא קְרִיגִין אִין וִוינֶען אַיין גְרוֹיס פַארְטִיקִין מְלַמֵד צוּא לֶערְנֶען מִיט קִינְדֶער , ווייל יְהוּדִים פְלֶעגִין אוֹיס וַוייכִין פוּן וִוינֶען וִויא פוּן אַיין שְׁרֶעקְלִיכֶען מִדְבָּר , דֶער פוּן הָאט ר' שמעון ווערטהיים אוֹיךְ זֵייעֶר פִיל גֶעלִיטִין , אוּנ הָאט זַיינֶע קִינְדֶער גֶעשִׁיקְט לֶערְנֶען אִין פְרֶעמְדֶע לֶענְדֶער ווייל קַיין רֶעכְטֶער מֶענְטְשׁ הָאט נִיט גִיוָואלְט פָארִין אִין וִוינֶען בְּשׁוּם אוֹפֶן .

אוּנְזֶער ר' מרדכי גֵייעֶנְדִיג פוּן שְׁטָאט צוּא שְׁטָאט זוּכִין גְלִיק , אִיז עֶר נִיט ווילִינְדִיג גֶעקוּמֶען אִין וִוינֶען , וִויא עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין טוֹיעֶר פוּן שְׁטָאט הָאט עֶר בֶּעקוּמֶען אַיין קַארְטֶע פוּן פָּאלִיצֵייא אוֹיף אַיין טָאג , עֶר הָאט נִיט גִיהַאט קַיין שׁוּם אָרְט וואוּ צוּא גֵיין , הָאט עֶר נָאךְ גִיפְרֶעגְט אוֹיף אַיין בֵּית הַמִדְרָשׁ , הָאט עֶר גְרַאדֶע אָן גֶעטְרָאפִין אַיין אַלְטִין מַאן זַיין גִישְׁטַאלְט אִיז זֵייעֶר שֵׁיין

וִויא אַיין אִידֶעשֶׁער פִירְסְט מִיט אַיין גְרוֹיסֶע בָּארְד, אוֹיפְין קָאפּ זֵייעֶר אַיין טַייעֶרֶע סְטְרַיימִיל גֶעקְלֵיידֶעט דוּרְךְ אִין כַּאמֶעט מִיט ווַייסֶע זִילְבֶּערְנֶע גְרוֹיסֶע עֶקְלַאךְ, אוֹיף דֶעם מִרָאגְט עֶר אֵיינִיגֶע מֶעדַאלְיֶען (מִיטוּל עֶהרֶע פוּן קֵייזֶער) אַיין טַייעֶרִין שְׁטֶעקִיל מִיט אַיין גִילְדֶערְנֶע גַאלְקֶע פוּן אוֹיבְּין, אוֹיף דֶער גַאלְקֶע אִיז פַארַאן אַיין קְרֵיינְדִיל פוּן דִימֶענְטִין גֶעזֶעצְט, ר׳ מרדכי הָאט זִיךְ זֵייעֶר דֶער שְׁרָאקִין פְרֶעגְט דֶער אַלְטֶער בַּייא אִיהם וֶוער זַייט אִיהר? עֶנְטְפֶערְט עֶר אִיךְ בִּין אַלֵיין אַיין אָרִימֶער יְהוּדִי פְרֶעגְט אִיהם דֶער אַלְטֶער וִויא אִיז אַייעֶר נָאמֶען? עֶנְטְפֶערְט עֶר מַיין נָאמֶען אִיז פִיר אַלֶע יְהוּדִים זֵייעֶר בֶּעקַאנְט, זֵייא הָאבִּין אִיהם צוּ גִידֵיינְקֶען אוֹיף עֶווִיג אֲפִילוּ ווֶען מְשִׁיחַ וֶועט קוּמֶען, וֶועט מַיין נָאמֶען נִיט פֶערְגֶעסִין וֶוערִין פוּן דִיא יְהוּדִים, זָאגְט דֶער אַלְטֶער צוּאַ:אִיהם, גֶעווִיס אִיז אַייעֶר נָאמֶען ר׳ מרדכי וָואס זַיין גֶעשִׁיכְטֶע מִיט הָמָן הָרָשָׁע פוּן פּוּרִים וֶועט קַיין מָאל נִיט בָּטֵל וֶוערִין אַזוֹא אִיז בֶּעוואוּסְט אִין מֶדְרֶשׁ גַאנְץ רִיכְטִיג. אַזוֹ לִיבֶּער הֶער (הָאט ר׳ מרדכי גִיעֶנְטְפֶערְט) יֶעצְט זֶעה אִיךְ אַז אִיהר זַייט אַיין גְרוֹיסֶער חָכָם, פְּרֶעגְט עֶר שׁוֹין בַּייא דֶעם אַלְטִין מַאן וִויא אִיז אַייעֶר שֵׁיינֶער נָאמֶען, זָאגְט עֶר מִיט אַיין שְׁמֵייכִיל מַיין נָאמֶען אִיז דֶער „אִידֶעשֶׁער קֵייזֶער״ ר׳ מרדכי אִיז אוֹיפְגֶעצִיטֶערְט גִיוָוארִין, אִין דֶער שְׁטָאט וִויעֶן וָואס אַיין יְהוּדִי טָאר זִיךְ נִיט פֶּערְזַאמֶען אִין אִיהר מֶעהר וִויא אֵיין טָאג, זָאל זִיךְ דָארְטִין גֶעפִינֶען אַזוֹא אַיין מֶענְטְשׁ וָואס מֶען זָאל אִיהם רוּפִין „אִידֶעשֶׁער קֵייזֶער״ וּכְדוֹמֶה, הָאט עֶר זִיךְ זֵייעֶר שֵׁיין

פַאנַאנְדֶער גִירֶעט מִיט אִיהם, הָאט ר' שמעון ווערטהיימער גִיזֶעהֶען אַז עֶר אִיז אַיין טַייֶערֶע זַאךְ, אִין אֵיינִיגֶע זֶעקוּנְדִין הָאט עֶר אִיהם גֶעוויזִין, אַז עֶר אִיז אַיין גְרוֹיסֶער מוּפְלָג אוּנ זֵייעֶר אַיין זֶעלְטֶענֶער מֶענְטְשׁ, הָאט ר' שמעון גִיזָאגְט צוּא זַיין קְנֶעכְט, אִיךְ בַּארְף זֵייעֶר נֵייטִיג גֵיין צוּם קֵייזֶער, אוּנ דֶעם מֶענְטְשִׁין פִיהר אַוֶועק צוּא מִיר אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ, אוּנ דֶער נָאךְ זָאל מֶען אִיהם אָנְקְלֵיידִין שֵׁיינֶע קְלֵיידֶער אוּנ אַבַּיין נֶעמֶען צוּא מִיר אִין זַאל, אוּנ גֶעבִּין אִיהם עֶסִין אוּנ טְרִינְקֶען וִויא דֶעם שֶׁענְסְטִין גַאסְט, וְכַךְ הָוָה אוּנ אַזוֹא אִיז טַאקִי גִיוֶעזִין.

דִיא גֶעשִׁיכְטֶע אִיז גִיוֶעזִין נָאךְ פּוּרִים. דֶער ר' מרדכי הָאט בֶּעקוּמֶען גְרוֹיס חֵן אוּנ כָּבוֹד בַּייא ר' שמעון ווערטהיים, אוּנ הָאט אִיהם גִיגֶעבִּין אַיין קַארְטֶע אַז עֶר אִיז בַּייא אִיהם אַיין הוֹיז לֶעהְרֶער אוּנ אַזוֹא אִיז טַאקִי גִיוֶועזִין, דֶען אַיין וָואךְ פַאר פֶּסַח זַייֶנֶען צְוַוייא קִינְדֶער זַיינֶע גֶעקוּמֶען צוּ פָארִין פוּן דֶער שְׁטָאט פְרַאנְקְפוּרְט דְמַיין, וָואס דָארְטִין הָאבִּין זֵייא גִילֶערְנְט תּוֹרָה אוּנ חָכְמָה בַּייא דֶעם פְרַאנְקְפוּרְטֶער רָב, הָאט רבי שמעון ווערטהיימער בֶּעשְׁטֶעלְט דֶעם רבי מרדכי עֶר זָאל מִיט זַיינֶע קִינְדֶער לֶערְנֶען, גִיהַאלְט הָאט עֶר אִיהם צוּא גִיזָאגְט פִיר הוּנְדֶערְט טָאהלֶער אַיין יָאהר, מִיט קֶעסְט אוּנ סְטַאנְצְיֶע, אוֹיךְ בִּגְדֵי כָּבוֹד, דֶער ר' מרדכי הָאט דֶער צוּא קֵיין חֵשֶׁק גִיהַאט פוּן אָנְפַאנְג, פֶערְקוֹיפִין דִיא עֶהְרֶע פוּן דֶער תּוֹרָה אוּנ דִיא צַייט פִיר גֶעלְד, נָאר עֶר הָאט זִיךְ דֶער מָאנְט אַז עֶס אִיז אַיין גְרוֹיסֶע מִצְוָה צוּא שְׁטִיצְן זַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער

צוּא הוֹיזֶע, אוֹיךְ צוּא בֶּעצָאלִין זַיינֶע חוֹבוֹת וָואס עֶר אִיז שׁוּלְדִיג גֶעבְּלִיבִּין צוּא לִיבּ דֶעם קַאטֵיילִישִׁין פּריסטער (גַלָח) וִויא מִיר הָאבִּין דָא אִין אוּנְזֶער גֶעשִׁיכְטֶע דֶער צֵיילְט.

נִיט אַזוֹא גִיךְ וֶוערְט דָאס וִויא עֶס דֶער צֵיילְט זִיךְ, נָאר אִין אֵיינִיגֶע יָאהר אַרוּם הָאט עֶר אִיבֶּער גֶעשִׁיקְט פִּיל גֶעלְד אַהֵיים, אוּנ הָאט בִּיסְלַאךְ וַויים אָפּ גִיגֶעבִּין דֶעם חוֹב, עֶר הָאט נָאךְ אוֹיף גֶעקְלִיבִּין אֵיינִיגֶע הוּנְדֶערְט טָאהלֶער, מִיט וָואס צוּא פָּארִין אַהֵיים צוּא זַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער זֶעהֶען זִיךְ. וָואס זַיין הַארְץ הָאט שׁוֹין זֵייעֶר שְׁטַארְק גִיבֵּיינְקְט צוּא זֵייא, דֶער צוּא הָאט עֶר נָאךְ גִיהַאט מַתָּנוֹת פוּן רבי שמעון ווערטהיימער). — ווִיא עֶר וִויל זִיךְ צוּא קְלַייבִּין צוּא דֶער רַייזֶע אוּנ זֶעגִינְט זִיךְ מִיט ר׳ שמעון ווערטהיימער, פְּרֶעגְט אִיהם דִיא רֶבֶּצִין (דִיא וַוייבּ פוּן ר׳ שמעון ווערטהיימער) זָאגְט מִיר לִיבֶּער ר׳ מרדכי אַז אִיהר פָארְט צוּא הוֹיזֶע אִין אַיין קְלֵיין שְׁטֶעטִיל צוּא אִיהר הָאט דוּרְךְ גִיזֶעהֶען גַאנְץ וִויעֶן, אַז אִיהר זָאלְט הָאבִּין וָואס צוּא דֶער צֵיילִין, נֵיין! אִיךְ הָאבּ נָאךְ אֲפִילוּ אַיין צֶעהֶענְטִיל שְׁטָאט אוֹיךְ נִיט דוּרְךְ גִיזֶעהֶען, זָאגְט ר׳ מרדכי, אִיךְ וֶועל מַאכִין אַייךְ פָּאלְגִין אוּנ דוּרְךְ גֵיין דִיא זֶעלְטֶענֶע שֵׁיינֶע רֶעזֶעדֶענְץ שְׁטָאט, צוּא זֶעהֶען גָאנְץ וואוּנְדֶער, אִיךְ זָאל נִיט זַיין וִויא אַיין בְּהֵמָה בַּייא לַייטִין, ר׳ מרדכי הָאט אַזוֹא גִיטָאהן אוּנ הָאט זִיךְ גֶעגְרֵייט צוּם גַאנְג.

אִין דֶער צַייט אִיז גִיוֶועזִין אַיין גַאס אִין וִויעֶן מִיט דֶעם נָאמֶען פריסטער שטראססע, וָואס דָארְטִין אִיז גִיוֶועזִין דִיא וואוֹנוּנְגֶען פוּן דִיא יֶעזוּאִיטִים קַאטֵיילִישֶׁע

גַלָחִים , אויךְ דָארְטִין אִיז גִיוֶועזִין פִּיל קַאטֱיילִישֶׁע
קְלֵייסְטֶערְס , אִין דֶער גַאס הָאט קֵיין שׁוּם יְהוּדִי נִיט
גִיטָארְט זַיין , אוּנ אויךְ מֶען הָאט חַס וְשָׁלוֹם גִיהַאפְּט אַיין
יְהוּדִי גֵייעֶנְדִיג דָארְטִין אוּנְווִיסֶענְדִיג , הָאט מֶען אִיהם
גִישְׁלָאגִין גָאר אָן רַחֲמָנוּת , אוּנ דֶער נָאךְ פְּלֶעגְט מֶען
אִיהם פֶערְזֶעצִין אִין אַיין פִינְסְטֶערִין קֶעלֶער אוּנ גִיפַּיינִיגְט ,
פִּיל הָאט מֶען אויף דֶעם אָרְט עֶרְשְׁלָאגִין , אוּנ עֶס אִיז גָאר
קֵיין מִשְׁפָּט נִיט גִיוֶועזִין , נָאר אֵיינֶעם אִין גַאנְץ ווִיעֶן אִיז
גִיוֶועזִין עֶרְלוֹיבְּט צוּא גֵיין דָארְטִין פֶערְשְׁטֵייט מֶען דָאךְ
אַלֵיין אַז דָאס מֵיינְט מֶען רבי שמעון ווערטהיים . דֶען עֶר
לְבַד וָואס עֶר הָאט גִיהַאט מֶעדַאלֶען פוּן קֵייזֶער , הָאט
עֶר גִיהַאט אַיין קַארְטֶע פוּן הערצבישאף דֶער הוֹיבְּט
פריסטער פוּן אַלֶע גַלָחִים , אַז אִיהם אִיז פְּרַייא צוּא גֵיין
אִין דֶער גַאס , אוּנ וֶוער עֶס וֶועט אִיהם עֶפֶּעס שְׁטֶערִין
אָדֶער אָן רִירִין , וֶועט עֶר שְׁטַארְק בֶּעשְׁטְרָאפְט וֶוערִין ,
רבי שמעון פְּלֶעגְט אָפְט גֵיין אִין דֶער גַאס וֶוען עֶר הָאט
עֶטְוָואס בֶּעדַארְפְט טָאהן אַיין טוֹבָה פִיר זַיינֶע אָרִימֶע
בְּרִידֶער בְּנֵי יִשְׂרָאֵל , ווִיא ר׳ מרדכי אִיז אַרוֹיס גִיגַאנְגֶען
אִין דִיא גַאסִין פוּן ווִיעֶן , מִן הַסְתָּם אִיז עֶר גְלַייךְ אַרַיין
גִיגַאנְגֶען אִין דֶער גַאס וָואס יְהוּדִים טָארִין דָארְטִין נִיט
גֵיין , עֶר גֵייט אוּנ וואוּנְדֶערְט זִיךְ אויף אַלֶע שֵׁיינֶע גְרוֹיסֶע
פַּאלַאצִין וָואס עֶר הָאט דָאס גָאר נִיט גִיזֶעהֶען , דֶער עִיקָר
אִיז וַוייל עֶר הָאט פִּיל מָאל גִיזֶעהֶען דָארְטִין אִין דֶער גַאס ,
אַז ר׳ שמעון ווערטהיימער פְּלֶעגְט דָארְטִין גֵיין דַארוּם אִיז
עֶר אויךְ גִיגַאנְגֶען , פְּלוּצְלוּנְג הַאפְּט זִיךְ אַרוֹיס אַיין

סְטוּדֶענְט פוּן אַיין הוֹיף אוּנ הוֹיבְּט אִיהם אָן שְׁטַארְק צוּא שְׁלָאגִין בִּיז וַואנֶען אַז עֶר הָאט גִיפִּילְט טוֹיט שְׁמֶערְצוּנְג קְלֶעפּ , ר׳ מרדכי זֶעהט אַז עֶר אִיז דָא אִין סַכָּנָה , זָאגְט עֶר צוּא אִיהם , נַאדִיר דִיא גֶעלְד וִויפִּיל דוּא ווִילְסְט אַלֵיין , אוּנ נֶעמְט אַרוֹיס דִיא גַאנְצֶע גֶעלְד וָואס עֶר הָאט אָפּ גֶענוּמֶען בַּייא רבי שמעון ווערטהיימער , פְּרֶעגְט אִיהם דֶער סְטוּדֶענְט וָוארוּם גִיסְט דוּא מִיר דִיא גֶעלְד מִיט פְּלַיים , זָאגְט עֶר צוּם סְטוּדֶענְט לִיבֶּער גֶענֶעדִיגֶער הֶער , הַיינְט אִיז בַּייא אוּנְז יְהוּדִים אַיין מָאדְנֶער פַייֶער טָאג , אַז עֶס אִיז בַּייא אוּנְז אִין דֶעם טָאג אַיין גְרוֹיסֶע מִצְוָה צוּא לַיידִין קְלֶעפּ פוּן אַיין נוֹצְרִי (קְרִיסְט) אוּנ וֶועמֶען עֶס טְרֶעפְט זִיךְ נִיט דָאס , אוּנ גֵייט אַרוּם דֶעם טָאג רֵיין אָן קְרִיסְטְלִיכֶע קְלֶעפּ , דֶער לַיידְט אַיין גַאנְץ יָאהר קְלֶעפּ אוּנ פִיל צָרוֹת , דַארוּם אִיז פִיל קְלוּגֶע מֶענְטְשִׁין אוּנ גְרוֹיס גִילֶערְנְטֶע זוּכִין מִיטְלֶען צוּא קְרִיגִין דֶעם טָאג קְלֶעפּ פוּן אַיין קְרִיסְט , אוּנ גִיבִּן זֵייעֶר פִיל גֶעלְד פַאר דֶעם · אוּנ אִיךְ דַאנְק דִיר לִיבֶּער הֶער ! אִיךְ וֶועל דִיר נִיט פֶערְגֶעסִין זִינְד אִיךְ וֶועל לֶעבִּין , דִיא גֶעלְד צֵייל אִיבֶּער פִיל דוּא הָאסְט בַּייא מִיר גֶענוּמֶען , אוּנ פֶערְבְּרֵיינְג דִיא גֶעלְד אִין פֶערְגֶענִיגֶען , אוּנ הָאט זִיךְ מִיט אִיהם שׁוֹין גִיזֶעגִינְט אוּנ זָאגְט : וָואסֶער יְהוּדִי דוּא וֶועסְט הַיינְט חַאפִּין וֶועסְטוּ בֶּעקוּמֶען פִיל גֶעלְד פִיר אֵיינִיגֶע קְלֶעפּ , הַלְוַאי וָואלְט מִיר טְרֶעפִין אַסַךְ אַזֶעלְכֶע יְהוּדִים . זָאגְט דֶער סְטוּדֶענְט אַלֵיין צוּא זִיךְ , וואו טְרֶעפְט זִיךְ נָאךְ אֶזוֹא אַיין גְלִיק אַז פַאר קְלֶעפּ זָאל מֶען נָאךְ קְרִיגִין

גֶעלְד מִיט דַאנְק, דָאס קָאנֶען נָאר דִיא נַארִישֶׁע פַאר
פְלוּכְטֶע יְהוּדִים.

ר׳ מרדכי אִיז אַנְטְלָאפִין פוּן דֶער גַאס וְויא פוּן
פַייעֶר, זֵייעֶר צוּא מִיעֶט אוּנ פֶערְקְלֶעמְט אַז עֶר אִיז
גֶעבְּלִיבִּין אָן גֶעלְד (אוּנ וְויא וֶועט עֶר פָארִין צוּא הוֹיזֶע) אוּנ
אָן גֶעזוּנְד, דֶען דִיא קְלֶעפּ הָאט אִיהם שְׁטַארְק צוּ בְּרָאכִין,
נָאר אַיין פוּנְק פוּן הָאפוּנְג הָאט אִיהם מְחַיֶה גִיוֶועזִין אַז
דָאס וֶועט אִיהם ווִידֶער קֶערִין זַיין גֶעלְד, אוּנ זַיין הֶערֶע,
דֶען עֶר הָאט פַאר זִיךְ דֶעם גְרוֹיסִין אִידֶעשִׁין הֶעלְד, דֶער
אִידֶעשֶׁער קֵייזֶער ר׳ שמעון ווערטהיימער. נָאר עֶר זָאל
דֶער קָאנֶען דֶעם סְטוּדֶענְט.

לִיבֶּער לֶעזֶער! דֶעם נָאמֶען סְטוּדֶענְט הָאבִּין מִיר
שׁוֹין פִיל מָאל דֶער מָאנְט, וֶועל אִיךְ אַייךְ דָא עֶרְקְלֶערִין
אַזוֹא אוּנְטֶער דֶעם נָאמֶען סְטוּדֶענְט אִיז נִיט וְויא הַיינְט
אַזוֹא אִיז אַיין מָאל גִיוֶועזִין. הַיינְט זַיינֶען דִיא סְטוּדֶענְטִין
אַריין גִיטָאהן אִין בִּילְדוּנְג צוּא לֶערְנֶען זִיךְ פִיל שְׁפְּרַאךְ אוּנ
וִויסֶענְשַׁאפְט, וָואס זֵייא דַארְפִין הָאבִּין צוּא זֵייעֶר צְוֶועק,
אוּנ דָאס רוֹב זַיינֶען זֵייא לִיבֶּערַאלִין, דָאס הֵייסְט מֶענְטְשִׁין
פְרַיינְד, זֵייא שֶׁעצִין יֶעדֶער מֶענְטְשִׁין וָואס עֶר אִיז נָאר אִין
גָאטְס בִּילְד (נָאר וֵוייניג גִיפִינֶען זִיךְ נָאךְ אִין דִיא פִינְצְטֶערֶע
לֶענְדֶער וָואס זֵייא גֵייעֶן אִין דֶער וֶועג פוּן זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערִין
אוּנ לֶעהְרֶער צוּ פַארְהַסִין דִיא וָואס זַיינֶען נִיט פוּן זֵייעֶר
גְלוֹיבִּין) מִמֵילָא פַאר שְׁטֵייט מֶען אַז נִיט אַלֶע סְטוּדֶענְטִין
הָאבִּין פַיינְד דִיא יְהוּדִים, אוֹיךְ הָאבִּין זֵייא הַיינְט קֵיין
דֵעָה נִיט בַּייא דֶער רֶעגִירוּנְג. נָאר אִין דֶער פָארִיגֶער צַייט

מִיט אֵיינִיגֶע הוּנְדֶערְט יָאהר צוּרִיק, זַיינֶען גִיוֶועזֶין דִיא סְטוּדֶענְטִין נִיט אַזוֹא פִיל גִילֶערִינְט וִויא הַיינְט, פוּן פִיל בִּילְדוּנְג אוּנ שְׁפְּרַאךְ הָאבִּין זַייא נִיט גִיוואוּסְט וִויא בַּייא הַיינְטִיגֶע צַייט. זַייעֶרֶע לֶעהְרֶער זַיינֶען גִיוֶועזֶין דֶער הוֹיבְּט דִיא פריסטער (גַלָחִים) וָואס זַייא הָאבִּין אַלֵיין נִיט גִיוואוּסְט פִיל קֶענְטֶענִיס. אוּנ אַז דֶער לֶעהְרֶער אַלֵיין הָאט נִיט פִיל גִילֶערִינְט פוּן וַואנֶען זָאלִין קֶענֶען דִיא שִׁילֶער? זַייא הָאבִּין דֶער הוֹיבְּט גִילֶערִינְט דִיא פוֹלִישֶׁע שְׁפְּרַאךְ אוּנ דֶער צוּא עֶטְוָואס זַייטִיגֶע יְדִיעוֹת. אַיין דָאקְטָאר הָאט צוּא אַיין קְרַיינְק גִיוואוּסְט אַבִּיסִיל לִיטַיין, אוּנ דֶער הוֹיבְּט לִמוּדִים זַייעֶרֶע אִיז גִיוֶועזֶין נָאר פַאנַאטִיזְמוּס, וִויא צוּא פַיינְט הָאבִּין אַיין יְהוּדִי, אוּנ דָאס גְלַייכִין אַלֶע אֶמוּנוֹת וָואס זַיינֶען נָאר נִיט קַיין פוֹלִישֶׁע קַאטֵיילִישֶׁע, דִיא סְטוּדֶענְטִין הָאבִּין גִיפִירְט דִיא גְרֶעסְטֶע רָאלְיֶע אוּנ בִּפְרַט אִין פוֹלִין אוּנ אִין אוֹסְטְרַייךְ הָאבִּין אַלֶע נַאצַאלְסְטְוָוא פַאר זַייא גִיצִיטֶערְט, דֶען זַייעֶרֶע לֶעהְרֶער דִיא יֶעזוּאִיטִים (גַלָחִים) זַיינֶען דָאךְ זַייעֶר תַּקִיף גִיוֶועזֶין בַּייא דֶעם אַפִּיפְיוֹר פוּן רוֹם (דֶער פָאטֶער פוּן דֶער קַאטֵיילִישֶׁע רֶעלִיגְיָאן) אוּנ דֶער צוּא זַיינֶען זַייא דָאךְ אַלֶעם מֶער גִילֶערִינְט גִיוֶועזֶין וִויא אַנְדֶערֶע טוֹיזֶנְדֶער קַאטֵיילִישֶׁע וָואס זַיינֶען גִיוֶועזֶין גָאר פֶּערְגְרֶעבְּט, אוּנ הָאבִּין נִיט גִיקָאנְט לֶעזִין אוּנ שְׁרַייבִּין, זַייא פְלֶעגִין אָפּ טָאהן אַקְטִין אוּנ קֵיינֶער הָאט גֶעגִין זַייא נִיט גִיקָאנְט זִיךְ שְׁטֶעלִין, וַוייל דִיא סְטוּדֶענְטִין הָאבִּין זַייעֶר פִיל גִיסְטָאלְצִירְט.

מִיר וֶועלִין נָאר עֶטְוָואס דֶער צֵיילִין וָואס עֶס בַּאלַאנְגְט

װֶענִגִין יְהוּדִים, עֶס אִיז גִיוֶועזִין אִיבֶּער גִיגֶעבִּין דִיא סְטוּדֶענְטִין זֵייעֶר פִיל פֶערְשַׁיידֶענֶע זַאכִין װָאס זֵייא פְלֶעגִין אִיבֶּער דֶעם הֶערְשִׁין, אוּנ דֶער הוֹיבְּט פְלֶעגִין זֵייא זֵייעֶר שְׁטְרֵייְנְג בֶּעזוּכִין דִיא יְהוּדִים, אוּנ פְלֶעגִין זֵייא דְרִיקִין מִיט װָאס מֶען קָאן, צוּם בַּייא שְׁפִּיל, אֵיין זַאךְ װֶעל אִיךְ אַייךְ לִיבֶּע לֶעזֶער דֶער צֵיילִין װָאס אַיין בֵּייזֶענְדֶער הָאט אָפּ גִישְׁרִיבִּין װָאס זַיינֶע אוּיגִין הָאבִּין אַלֵיין גִיזֶעהֶען אַז נָאךְ בשנת תפ״א דָאס אִיז קָרוֹב צְוֵוייא הוּנְדֶערְט יָאהר צוּרִיק. אִיז גִיוֶועזִין אִין אֶסְטְרַייךְ דִיא מָאדֶע, אַז פַאר יֶעדֶער קְרִיסְטְלִיכֶער לְוַיָה װֶוען עֶס פְלֶעגְט שְׁטַארְבִּין אַיין גֶעשֶׁעצְטֶער מֶענְטְשׁ פוּן זֵייא, פְלֶעגִין דִיא קַאטֵיילִישֶׁע סְטוּדֶענְטִין הַשְׁגָחָה גֶעבִּין אוֹיף דֶעם פַּארַאדַאק דַארוּם אַז זֵייא פְלֶעגִין בֶּעגֶעגֶענֶען אַיין אִישׁ יְהוּדִי אִין גַאס, פְלֶעגְט עֶר זִיךְ מוּזִין שְׁטֶעלִין אוֹיף דִיא קְנִיא אָן אַיין הִיטִיל דִיא גַאנְצֶע צַייט בִּיז װַאנֶען מֶען פְלֶעגְט אַרוּיס פִירִין דֶעם טוֹיטִין פוּן דֶער גַאנְצֶער גַאס, אוּנ אוֹיךְ דֶער יְהוּדִי פְלֶעגְט דָאס נִיט טָאהן אַזוֹא גִיךְ, פְלֶעגִין זֵייא אִיהם שְׁלָאגִין גָאר אָן עֶרְבַּארִימְקַייט אוּנ דִיא הִיטִיל פוּן קָאפּ פְלֶעגְט מֶען שׁוֹין נִיט אַװֶעק גֶעבִּין בְּשׁוּם אוֹפֶן, פֶערְשְׁטֵייט מֶען דָאךְ גַאנְץ גוּט, אַז יְהוּדִים פְלֶעגִין אַנְטְלוֹיפִין וִויא פוּן פַייעֶר װֶוען מֶען פְלֶעגְט פִירִין אַיין קְרִיסְט מִיט פַּארַאד — אֵיין מָאל דֶער צֵיילְט אַיין בֵּייזֶענְדֶער — בִּין אִיךְ זֶעלְבְּסְט גְרַאדֶע אָן גִיגַאנְגֶען פְלוּצְלוּנְג אִין אַיין קַאנְט פוּן אַגַאס אִין פְּרָאג, וִויא מֶען הָאט גִיפִירְט אַזוֹא אַיין לְוַיָה, אוּנ אִיךְ בִּין גִיוֶועזִין פֶערְטְרַאכְט, הָאבִּין מִיר דֶער זֶעהֶען סְטוּדֶענְטִין גָאר פוּן װַייטִין הָאט מֶען מִיךְ אָנְגֶעהוֹיבִּין צוּא

יאָגין מִיט שְׁטוּרֶעם בִּין אִיךְ אַנְטְלָאפִין דורךְ זַייטִיגֶע גֶעסְלַאךְ צוּא רֶעטִירִין זִיךְ, עס הָאט מִיר אָבֶער נִיט גִיהָאלְפִין, דֶען אַיין אַלְטֶער קְרִיסְט הָאט מִיר פֶערְשְׁטֶעלְט דִיא וֶועג, בִּיז וַואגֶען אִיךְ הָאבּ זִיךְ מִיט גְרוֹיס קְרֶעפְט אַרוֹים גִידְרֵייט פוּן זַיין הַאנְד אוּנ דִיא הִיטִיל פוּן קָאפּ אִיז אַרָאפּ גִיפַאלִין, דָאס הָאט מִיךְ גִירֶעטֶעט פוּן טוֹיט שְׁמֶערְצְלִיכֶע קְלֶעפּ, דֶען דִיא סְטוּדֶענְטִין הָאבִּין גִיהַאפְּט דִיא הִיטִיל אוּנ אַנְטְלָאפִין, אוּנ אִיךְ בִּין אַזוֹא גִילָאפִין מִיט גְרוֹיס אִינְפֶּעט אִין אַיין אַנְדֶער גַאס אָן אַיין הִיטִיל, מֶען הָאט מִיךְ אָנְגִיזֶעהֶען וִויא אַיין וַואנְדְזִינִיגֶער (מְשׁוּגֶעגֶער) מֶענְטְשׁ, אִין דֶעם בִּין אִיךְ אוֹיךְ גִיוֶועזִין אִין אַיין פַּחַד (שְׁרֶעק) פִילַייכְט הַאפְּט מֶען מִיר אָן וִויא אַיין גַנָב, אָדֶער וִויא אַיין מֶערְדֶער וָואס צוּא לִיבּ דֶעם הָאט מֶען בַּייא מִיר דִיא הִיטִיל אַרָאפּ גִיהַאפְּט, נוּר אִיךְ הָאבּ זִיךְ אַרַיין גִיהַאפְּט אִין אַיין אִידֶעשֶׁע הוֹיז, דָארְטִין הָאבּ אִיךְ אָפּ גִירוּעֶט פוּן מַיין לוֹיפִין אוּנ פוּן מַיין גְרוֹיס שְׁרֶעק אוּנ הָאבּ דָארְטִין אַלֶעס בֶּעקוּמֶען, אֵיינִיגֶע טֶעג בִּין אִיךְ קְרַאנְק גִיוֶועזִין נָאךְ דֶעם, אַזוֹ שְׁרַייבְּט אַיין אִידֶעשֶׁער רַייזֶענְדֶער וָואס אִיז אִין דֶער זֶעלְבִּיגֶע צַייט גִיוֶועזִין.

דֶער פוּן זֶעהט מֶען וָואס פַאר אַיין רָאלְיֶע הָאבִּין דִיא סְטוּדֶענְטִין דַאמָאלְס גִישְׁפִּילְט, דֶער סְטוּדֶענְט וָואס הָאט גִישְׁלָאגְן ר׳ מרדכי אִיז אוֹיךְ גִיוֶועזִין פוּן דֶער סֶעקְטֶע, דַארוּם הָאט עֶר זִיךְ אַזוֹא מֶערְדֶערְשׁ אוֹיף גִיפִירְט גֶעגִין ר׳ מרדכי, נָאר דִיא מֶערְדֶערַייא הָאט אִים טַייעֶר גִיקָאסְט, עֶר הָאט שׁוֹין פֶערְזָאגְט אוֹיף דוֹרֵי דוֹרוֹת אַז מֶען זָאל נִיט

אָנְהֵייבִּין זִיךְ מִיט אַיין יְהוּדִי , דֶען אִין אֵיינִיגֶע שְׁטוּנְדִין
אַרוּם אִיז גִינַאנְגֶען רבי שמעון ווערטהיימער אִין דֶער נַאס
ווִיא אַלֶע מָאל , דֶער בְּטוּדֶענְט הָאט דָאךְ גִיהֶערְט פוּן ר׳
מרדכי אַז אִין דֶעם טָאג אִיז בַּייא דִיא יְהוּדִים אַיין מִצְוָה
אַז זֵייא זָאלִין בֶּעקוּמֶען קְלֶעפּ , אוּנ הָאט דָאךְ פַאר דֶעם
גוּטֶע גֶעלְד בֶּעקוּמֶען , הָאט עֶר אָן גִיהֵייבִּין גוּט צוּ שְׁלָאגִין
דֶעם אִידֶעשִׁין פִּירְסְט רבי שמעון ווערטהיימער הָאט רבי
שמעון גִימַאכְט אַיין גְוַואלְד אִיז בַּאלְד גִיוָוארִין אַיין גְרוֹיסֶר
רַעַשׁ , הָאט מֶען דֶעם בְּטוּדֶענְט בַּאלְד אִין אַסְטְרָאג אַרַיין
גִיזֶעצְט אוּנ גוּטֶע שְׁמִיץ גִיגֶעבִּין אוּנ דֶער נָאךְ וֶועט זַיין
חֲקִירָה אוּנ דְרִישָׁה וָואס זַיין מִשְׁפָּט וֶועט זַיין .

ר׳ מרדכי אִיז גִיקוּמֶען צוּ רִיק פוּן נַאס טְרוֹיֶערִיג אוּנ
צָארְנִיג , מִיט וָואס וֶועט עֶר קָאנֶען קוּמֶען אַהֵיים דִיא וַוייבּ
גֶעבַּאךְ הָאט אַזוֹא לַאנְג גִיוַוארְט , הָאט עֶר גִיקְלָאגְט אוּנ
גֶעווֵיינְט , דֶער גַאנְצֶער הָאפֶענוּנְג אִיז גִיוֶועזִין אַז דֶער
מַאן וֶועט קוּמֶען פוּן וִוינֶען וֶועט זִיא הָאבִּין נַחַת פַאר אִיהר
גְרוֹיס צַעַר , אִיהר לֵייד , וֶועט זִיךְ אִיבֶּער קֶערִין צוּא
פְרֵייד , אוּנ צוּם עֶנְדֶע אִיז פוּן אִיהר וַוייט אַלֶעם גוּטֶעס ,
אוּנ וֶועט וַוייטֶער בְּלַייבִּין אִין דֶעם פִינְצְטֶערִין גוֹרָל , אַזוֹא
הָאט ר׳ מרדכי זִיךְ פָאר גִישְׁטֶעלְט , אוּנ זַיינֶע אוֹיגִין הָאבִּין
גִינָאסִין טַייכִין טְרֶערִין .

נָאר אִין אַיין וַוייל אַרוּם הָאט עֶר זִיךְ גִישְׁטַארְקְט
אִין זַיין בִּטָחוֹן אוֹיף גָאט ווִיא אַיין גְרוֹיסֶער צַדִיק , אוּנ
זָאגְט . וָואס הָאבּ אִיךְ צוּא דֵיינְקֶען אוּנ זָארְגִין עֶס אִיז
דָאךְ אַלֶעס דִיא גֶעטְלִיכֶער הַשְׁגָחָה עֶס אִיז אַלֶעס פוּן

 נאטעס

גָאטְעס הַאנְד עֶר הָאט גִיגֶעבִּין אוּנ עֶר הָאט צוּא גִינוּמֶען , זַיין הֵיילִיגֶער נָאמֶען זָאל זַיין גִילוֹיבְּט ! אוּנ הָאט אַרוֹיס גִיטְרִיבִּין אַלֶע טְרוֹיעֶר גִידַאנְקֶען , אוּנ הָאט זִיךְ ווִידֶער גִיזֶעצְט לֶערְנֶען אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ אוּנ הָאט קֵיינֶעם נִיט עָנְדֶעקְט דִיא גִישִׁיכְטֶע .

אִין דֶעם קוּמְט אַרַיין אַיין אַלְטֶער פִּירְסְט , אוֹיף זַיין גֶעזִיכְט אִיז גִילֶעגִין פִיל קִימֶער אוּנ שְׁמֶערְץ אוּנ בֶּעט עֶרְלוֹיבּוּנְג אַרַיין צוּא גֵיין צוּא רבי שמעון ווערטהיימער , ווִיא מֶען הָאט אִיהם אַרַיין גִילָאזִין צוּא אִיהם , אִיז פְּלוּצְלוּנְג הָאט מֶען גִיהֶערְט אַיין גְרוֹיסֶע שְׁרֶעקְלִיכֶע שְׁטִימֶע פוּן גִיוֵויין «לִיבֶּער פִּירְסְט הֵיילִיגֶער רַאבִּינֶער הָאט רַחֲמָנוֹת אוֹיף מַיין אֶלְטֶער אוּנ אוֹיף מַיין קִינְד , דֶער עֶר אִיז בַּייא מִיר אַיין אֵיינְצִיגֶער זָאהן , עֶר הָאט גִיזִינְדִיגְט גֶעגִין אַייךְ לִיבֶּער הֶער ! נָאר עֶר אִיז נָאר נִיט שוּלְדִיג , עֶר אִיז תֵּיכֶּף קְרַאנְק גִיווָארִין פוּן דִיא שְׁמִיץ וָואס מֶען הָאט אִיהם גִיגֶעבִּין גָאר אָן עֶרְבַּארְמְקַייט , אוּנ אוֹיב עֶר וֶועט זִיצִין נָאךְ אֵיינִיגֶע טֶעג אִין אַבְּטְרָאג , וֶועט עֶר גֶעווִיס שְׁטַארְבִּין , הָאט רַחֲמָנוֹת אוֹיף מִיר עֶרְבַּארֶמְדִיגֶער פָּאטֶער אוּנ גַייסְטְלִיכֶער רַאבִּינֶער ! דֶען אִיךְ ווֶעל אַייךְ עֶרְצֵיילִין זַיין טָעוֹת אִין וָואס עֶר אִיז אַרַיין גִיפַאלִין נִיט ווִילִינְדִיג , עֶר ווֵיים דָאךְ אַז אַייעֶר נָאמֶען אִיז זֵייעֶר גְרוֹיס בַּייא דֶעם קֵייזֶער , הֵיינְט ווִיא אַזוֹא טוּט עֶר דָאס אַזוֹ אַיין שֶׁענְדְלִיכֶע זַאךְ , צוּא שְׁלָאגִין אַייךְ ? אַזוֹא הָאבּ אִיךְ אִיהם גִיפְרֶעגְט אִין אַבְּטְרָאג , הָאט עֶר מִיר גִיעֶנְטְפֶערְט מִיט גְרוֹיס גִיוֵויין , אַז גָאט הָאט דָא צוּא גִיטְרָאפִין זַיין זִינְד מִיט אֵיינִיגֶע

שְׁטוּנְדִין צוּ רִיק הָאט עֶר שְׁטַארְק גִישְׁלָאגִין אַיין אִישׁ יְהוּדִי, ווייל עֶר אִיז גִינַאנְגֶען אִין דֶער פריסטער נַאם וָואס דָארְטִין טָאר קֵיין יְהוּדִי נִיט גֵיין, דֶער יְהוּדִי הָאט אִיהם זֵייעֶר פִּיל גִידַאנְקְט פַאר דִיא קְלֶעפּ אוּנ הָאט אִיהם פִּיל גֶעלְד גִיגֶעבִּין, אוּנ הָאט גִיזָאגְט אַז אִין דֶעם טָאג אִיז אַיין גְרוֹיסֶע מִצְוָה בַּייא דִיא יְהוּדִים צוּא לַיידִין קְלֶעפּ, אוּנ דֶער יְהוּדִי בֶּעצָאלְט פִּיל גֶעלְד פַאר דִיא קְלֶעפּ, אַזוֹא הָאט אִיהם דֶער יְהוּדִי פֶּערְזִיכֶערְט, צוּא לִיבּ דֶעם אַז עֶר הָאט דֶער זֶעהֶען דֶעם רבי שמעון ווערטהיימער, הָאט עֶר אִיהם גִיוָואלְט טָאהן אַיין טוֹבָה» , «צוּא לִיבּ דֶעם הָאט עֶר אִיהם גִישְׁלָאגִין» , עֶנְטְפֶערְט אִיהם רבי שמעון עֶס זָאל זַיין גִידוּלְט בִּיז מָארְגִין וֶועלִין מִיר וִויסִין דֶעם אֱמֶת, דֶער פִּירְסְט הָאט זִיךְ מִיט אִיהם גִיזֶעגִינְט אוּנ זָאגְט אִיךְ הָאפֶע אַז אִיהר וֶועט טָאהן גְנַאדֶע מִיט מִיר אוּנ מִיט מַיין קִינְד אוּנ גֵייט אַזוֹא אַוֶועק, ווִיא דֶער פִּירְסְט אִיז אַרוֹים פוּן זַיין הויז זָאגְט רבי שמעון צוּא זַיין הויז גִיזִינְד, דָאס אִיז גִיוֶועזִין אַיין גְרוֹיסֶע חָכְמָה פוּן אַיין יְהוּדִי זָאל לֶעבִּין, דָאס אִיז אַיין אִידֶעשֶׁע קָאפּ אַיין שֵׂכֶל צוּא מַאכִין אַזוֹא אַיין קוּנְץ אַז דֶער סְטוּדֶענְט זָאל גוּט בֶּעצָאלְט וֶוערִין, דָאס מוּז זַיין נָאר אֵיינֶער פוּן אוּנְזֶערֶע בֶּעקַאנְטֶע וָואס ווייסִין אַז אִיךְ בַּארְף גֵיין אִין דֶער נַאס, אוּנ צוּא לִיבּ מִיר וֶועט עֶר גוּט בֶּעשְׁטְרָאפְט וֶוערִין, אוּנ דֶער שְׁטְרָאף וֶועט הֵיילִין דִיא וואוּנְדִין פוּן דֶעם אוּנְגְלִיקְלִיכִין יְהוּדִי וָואס הָאט גִיווִיס גְרוֹיסֶע קְלֶעפּ גִילִיטִין.

ר׳ מרדכי הָאט זִיךְ נִיט גִיקֶענְט אַיין הַאלְטִין בְּשׁוּם

 אופן

אוֹפֶן אונ זָאגְט , וָואס זָאל אִיךְ זָאגִין ׃ אִיךְ אַלֵיין הָאבּ דָאס אַייךְ אָן גִימַאכְט לִיבֶּער רבִּי שמעון , אִיהר הָאט מַאכִּי עֶפֶּעס גִילִיטִין צוּא לִיבּ מִיר , נָאר גָאט וֵויים דֶעם אֶמֶת אַז אִיךְ הָאבּ נִיט גִימֵיינְט חַס וְשָׁלוֹם אִיהר זָאלְט הָאבִּין יִסוּרִים אונ קְלֶעפּ פוּן דֶעם מֶערְדֶער , נָאר מַיין מֵיינוּנְג אִיז גִיוֶועזִין אַז צוּא לִיבּ דֶעם וָואס עֶר וֶועט אַייךְ אָן רִירִין וֶועט עֶר גוּט בֶּעשְׁטְרָאפְט וֶוערִין , אונ מַיין גֶעלְד וֶועט עֶר מוּזִין מִיר אַוֶועק גֶעבִּין , הָאבּ אִיךְ אִיהם אַיין גִירֶעט אַז עֶס אִיז אִין דֶעם טָאג אַיין גְרוֹיסֶע מִצְוָה פַאר אַיין יְהוּדִי מֶען זָאל אִיהם שְׁלָאגִין אונ דֶער יְהוּדִי גִיט פִּיל גֶעלְט פַאר דֶעם , אונ עֶר דֶער צֵיילְט אִיהם דִיא גֶעשִׁיכְטֶע וִויא דֶער סְטוּדֶענְט הָאט אִיהם זֵייעֶר שְׁטַארְק גִישְׁלָאגִין , וַוייל עֶר אִיז גִיגַאנְגֶען אִין פריסטער גַאס נִיט וִוילִינְדִיג , ׃ אונ הָאט אִיהם נָאךְ דֶעם גַאנְצִין קַאפִּיטַאל גֶעלְד אַוֶועק גִיגֶעבִּין כְּדֵי עֶר זָאל אִיהם צוּא טוֹיט נִיט שְׁלָאגִין ׃

וִויא רבי שמעון ווערטהיים הָאט דָאס גִיהֶערְט , אִיז עֶר אוֹיף גִיצִיטֶערְט גִיוָוארִין אוֹיף דֶער גֶעשִׁיכְטֶע , אונ הָאט רבי מרדכען גִיגֶעבִּין אַיין קוּשׁ אִין קָאפּ אונ זָאגְט , דָאס אִיז מַאכִּי גִיוֶועזִין אַיין גְרוֹיסֶע חָכְמָה , זַייט גִיזוּנְד אונ זַייט רוּהִיג אַייעֶר גֶעלְד וֶועט אַייךְ אוּמְגֶעקֶערְט וֶוערִין בִּיז דֶער לֶעצְטֶער פְּרוּטָה אונ דֶער סְטוּדֶענְט וֶועט גוּט בֶּעשְׁטְרָאפְט וֶוערִין אונ אִיהר רוּעט זִיךְ דֶער ווַיילֶע אוּיס פוּן דִיא קְלֶעפּ , רבי מרדכי דַאנְקְט אִיהם זֵייעֶר פַאר זַיין גוּטֶעס , דֶער דַאפְּרָאס (מִשְׁפָּט) וָואס דֶער סְטוּדֶענְט הָאט גִישְׁלָאגִין רבי שמעון ווערטהיימער אִיז אָן גִיקוּמֶען צוּם

קייזער (רמ״ס)

קֵייזֶער זֶעלְבְּסְט, הָאט דֶער קֵייזֶער פֶּערְזָאגְט אַז מֶען זָאל שְׁטְרֵייְנְג בֶּעשְׁטְרָאפִּין אוּנ נִיט בֶּעפְרַייֶען אִיהם בִּיז וַואגֶען רבי שמעון ווערטהיימער וֶועט פַּאר אִיהם אַלֵיין זֶעלְבְּסְט בֶּעטִין רַחֲמִים, אוֹיךְ הָאט דֶער קֵייזֶער פַּאר זָאגְט נַאצַאלְסְטְוָוא אַז מֶען זָאל דֶער גֵיין וָואסֶער יְהוּדִי הָאט עֶר פְּרִיעֶר גִישְׁלָאגִין, אוּנ זַיין גֶעלְד גִינוּמֶען, דֶען דֶעם קֵייזֶער אִיז דָאס זֵייעֶר גִיפֶעלִין דֶער קוּנְץ וָואס עֶר הָאט גִיבְּרַאכְט דֶעם סְטוּדֶענְט אַז עֶר זָאל שְׁלָאגִין ווערטהיימען אוּנ מִיט דֶעם אִין אַסְטְרָאג צוּא פֶּערְזֶעצְט וֶוערִין.

אוֹיף מָארְגִין אִיז רבי שמעון ווערטהיימער גִיוֶועזִין גְרַאדֶע בַּייא דֶעם קֵייזֶער, אִיז גִיקוּמֶען צוּא רֵייד וֶוענִין דֶעם סְטוּדֶענְט וָואס הָאט אִיהם אָנְגִיפַאנְגֶען צוּא שְׁלָאגִין, אוּנ וָואס פַּאר אַיין אַנְטְוָוארְט הָאט דֶער סְטוּדֶענְט גִיגֶעבִּין אַז עֶר אִיז נִיט שׁוּלְדִיג אַיין יְהוּדִי הָאט אִיהם אָפּ גִינַארְט, אַז מֶען טוּט אַיין גְרוֹיסֶע טוֹבָה אַיין יְהוּדִי דֶעם טָאג אַז מֶען שְׁלָאגְט אִיהם, פְּרֶעגְט דֶער קֵייזֶער בַּייא רבי שמעון ווערטהיימער אוּנ זָאגְט: דִיא וֶועלְט הָאט בֶּעשְׁלָאסִין אַז יְהוּדִים וַוייסִין אַלֶעס, פוּן זֵייא אִיז קֵיין סוֹד נִיט פֶּערְבָּארְגִין, פִילַייכְט וַוייסְט אִיהר לִיבֶּער פְרַיינְד וֶוער אִיז דֶער יְהוּדִי וָואס הָאט דָאס אָפּ גִיטָאהן דֶעם סְטוּדֶענְט עֶר זָאל אַזוֹא בֶּעשְׁטְרָאפְט וֶוערִין?

זָאגְט עֶר צוּם קֵייזֶער! יָא אִיךְ וַוייס! דֶער מֶענְטְשׁ אִיז אַיין הוֹיז לֶעהְרֶער בַּייא מִיר, אוּנ הָאט אִיהם דֶער צֵיילְט דִיא גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע, צוּם עֶנְדֶע זָאגְט דֶער קֵייזֶער! דֶער יְהוּדִי אִיז אַיין בֶּעוֵויז אוֹיף פִיל טַייעֶרְסְטֶע דִימֶענְטִין

 אוּנ

און סַפִּיר שְׁטֵיינֶער וָואס וַואלְגֶערִין זִיךְ בַּייא דִיא יְהוּדִים און מֶען טְרֶעט זֵייא מִיט דִיא פִּים. דֶער מֶענְטְשׁ מרדכי היהודי זָאגְט ווערטהיימער עֶר אִיז אַיין גְרוֹיסֶער חָכָם, אָבּ וָואהל עֶר אִיז אַיין דוּכָאווְנֶער (פְּרוּמֶער) מֶענְטְשׁ, און מִישְׁט זִיךְ נִיט פִיל מִיט דֶער וֶועלְט, נָאר צוּא זַיין גְרוֹים פֶּערְשְׁטַאנְדִיקֵייט גִיפִינְט זִיךְ גָאר קַיין גְלַייבִין נִיט. אִיךְ וִויל אִיהם זֶעהֶען! זָאגְט דֶער קֵייזֶער! שׁוין! זָאגְט ווערטהיימער, און אִיז בַּאלְד אַוֶועק גִיפָארִין צוּא הוֹיזֶע און הָאט אִיהם זֵייעֶר שֵׁיין אוֹים גֶעפּוּצְט און הָאט אִיהם גִילֶערִינְט וִויא זַיין אַרַיין גַאנְג זָאל זַיין צוּם קֵייזֶער, אִין דֶעם מֶשֶׁךְ (צַייט) וָואס עֶר הָאט גִילֶערִינְט מִיט דִיא קִינְדֶער פוּן ר' שמעון ווערטהיימער הָאט עֶר זִיךְ צוּא גִילֶערִינְט דַייטְשׁ און פּוֹילִישׁ, עֶר אִיז גִיקוּמֶען צוּם קֵייזֶער הָאט עֶר אִיהם זֵייעֶר שֵׁיין צוּא גִינוּמֶען, און פְּרֶעגְט אִיהם, דוּא בִּיסְט דָאס מַארְקוּס. (מרדכי) דֶער פֶּערְשְׁטַאנְדִיגֶער יְהוּדִי וָואס דוּא הָאסְט אָפּ גִיטָאהן דֶעם סְטוּדֶענְט אַז עֶר זָאל אַזוֹא בֶּעשְׁטְרָאפְט וֶוערִין דָאס אִיז זֵייעֶר גוּט, וִויא אַזוֹא בֶּעלָאנְסְטֶע אַזוֹ דַיין בֶּעגִיטִיגֶען הֶער רַאבִּינֶער ווערטהיימער! אַז עֶר הָאט גִילִיטִין קְלֶעפּ צוּא לִיבּ דִיר, אִיךְ זֶעלְבְּסְט הָאבּ דָאס גִיטָאהן דִיא נַאיֶיע עֶמְפִּינְדוּנְג, זָאגְט רבי מרדכי, הֶערְט אַייעֶרֶע קֶענִיגְלִיכֶע הָאהֵייט! אִיךְ ווַיים אַז דֶעם גְרוֹיסִין מֶענְטְשִׁין ווערטהיימער קָאנֶען אַלֶע, אִיז גִיווִים וִויא עֶר וֶועט אִיהם אָנְפַאנְגֶען שְׁלָאגִין אָדֶער שֶׁענְדִין וֶועט מֶען אִיהם גוּט בֶּעשְׁטְרָאפִין, און מִיט זַיין שַׁאנְדֶע וֶועל אִיךְ און נָאךְ הוּנְדֶערְטֶער יְהוּדִים גִירֶעטֶעט וֶוערִין, און דָאס

איז דער נאנצער וואונטש פון אזו איין נייסטליכין מענטשין, אז ער איז געגרייט צוא ליידין פיל שמערצין אונ מיט דעם זאל ער טאהן גוטעס פאר פיל אונגליקליכע פאמיליעס, ווארום דעם מענטשין האט גאט ניט בעשאפין פאר זיך זעלבסט נוצין בריינגען, נאר צוא נוצין פאר דער גאנצער וועלט, דיא ענדע פון דער זאך איז גיוועזין, אז דער רבי מרדכי האט בעקומען גרויס חן וחסד ביא דעם קייזער, אונ האט פערזאגט אז תיכף זאל דער פאטער פון סטודענט אב געבין איהם דיא געלד וואס ער האט ביא איהם צוא גינומען, אונ פינף טויזינד טאהלער שטראף זאל מען געבין צוא רבי מרדכי, אונ אויב רבי שמעון ווערטהיימער וועט מסכים זיין צוא דעם, וועט מען דעם סטודענט בעפרייען. וכך הוה אזוא איז טאקי גיוועזין, דער פאטער פון סטודענט איז גיפאלין צוא דיא פיס פון רבי שמעון ווערטהיימער, ביז וואנען ער האט איהם מוחל גיוועזין, אונ ער האט אלס מקיים גיוועזין וויא דער קייזער האט גיריכטעט, אונ דער קייזער האט איהם צוא גיזאגט אז ער וועט שטיצין מיט עהרע דעם רבי מרדכי. אויך האט רבי שמעון ווערטהיימער פועל גיוועזין ביא דעם קייזער אז ער האט ארויס גיגעבין איין פריקאז, אז מהיום והלאה מאגין אלע יהודים גיין פרייא אין דער גאס «פריסטער שטראססע» אונ דער רבי מרדכי האט רשות צוא וואונען אין וויען אין וואסער גאס ער וויל אונ מאג מאכין אלעריי גישעפטין, רבי מרדכי האט זייער פיל גידאנקט גאט פאר דעם, אונ האט גישריבין צוא זיין ווייב אז זיא זאל

(ס"ם) קומען

קוּמֶען מִיט דִיא קִינְדֶער אִין וִויעֶן, אוּנ הָאבִּין זִיךְ דָארְטִין בֶּעזֶעצְט, אוּת הָאבִּין גִימַאכְט אַיין גְרוֹיסֶע בְּשָׂמִים קְרָאם אִין דֶער שֶׁענְסְטֶע גַאס לעאפאלד שטראסע, זַיין וַוייבּ מִיט זַיין טָאכְטֶער זַיינֶען גִיזֶעסִין אִין קְרָאם, אוּנ עֶר מִיט זַיינֶע קִינְדֶער הָאבִּין גִילֶערִינְט תּוֹרָה אוּנ יִרְאַת שָׁמַיִם אוּנ הָאבִּין גִּיטָאהן אַלֶעס גוּטֶעס, אוּנ אַיינִיגֶע שְׁטוּנְדִין אִין טָאג פְלֶעגִין זַייא אַיין אָרְדֶען דִיא קְרָאם אוּנ פִירִין דִיא חֶשְׁבּוֹנוֹת, דִיא קְרָאם וָואס זִיא אִיז גִיוֶועזִין אַיין אֵיינְצִיגֶע אִין דֶער גַאס, הָאט זִיא צוּא גִיצוֹיגִין אַלֶע קוּנְדִין צוּא זִיךְ וִויא אַיין אֵיינְצִיגֶע שֵׁיינֶע רָאזֶע וָואס זִיא אִיז פֶערְפְלַאנְצְט אִין אַיין גְרוֹיסִין וַויין גָארְטִין, אוּנ וֶוער עֶס גֵייט פַאר בַּייא פַאר קוּקְט עֶר זִיךְ אוֹיף אִיהר, אוּנ עֶר שְׁמֶעקְט אִיהר שֵׁיינֶעם רֵיחַ, אַזוֹא אַלֶע גְרֶעסְטֶע גְרַאפִין אוּנ דוּכְּסִים וָואס זַייא הָאבִּין נָאר נִיט אָנְגִיזֶעהֶען אַיין אִידֶעשֶׁע קְרָאם אִין וִויעֶן, אַזוֹא וִויא זַייא הָאבִּין נָאר דֶער שְׁמֶעקְט דֶעם שֵׁיינֶעם רֵיחַ (דָאס אִיז דִיא אָרֶענְטְלִיכְקַייט) פוּן דֶער קְרֶעמֶערְקֶע, הָאבִּין זִיךְ אַלֶע גִיצוֹיגִין צוּ קוֹיפִין בַּייא אִיהר, בִּיז וַואנֶען אַז אִין אַיין קוּרְצֶע צַייט הָאבִּין זִיךְ אַלֶע גְרֶעסְטֶע קְרִיסְטִין פוּן וִויעֶן צוּא גִיצוֹיגִין צוּא דֶער קְרָאם וִויא מִיט אַיין מַאגְנֶעט, אוּנ פוּן טָאג צוּא טָאג אִיז רבי מרדכי רַייכֶער גִיוָוארִין, בִּיז וַואנֶען עֶר אִיז גִיוָוארִין זֵייעֶר אַיין גְרוֹיסֶער גְבִיר, אוּנ זַיין נָאמֶען אִיז גִיוֶועזִין בֶּעוואוּסְט אֲפִילוּ צוּ וִוישִׁין דִיא גְרֶעסְטֶע שָׂרֵי הַמְלוּכָה, זַייא פְלֶעגִין זִיךְ נִיט שֶׁעמֶען לַייעֶן בַּייא אִיהם גֶעלְד אוּנ עֶר פְלֶעגְט זַייא לַייעֶן אָן פְּרִיצֶענְט, נָאר דָאס הָאט אִיהם זֵייעֶר פִיל אַיין

גִימְרָאגִין, בִּיז וַואנֶען אַז דִיא שָׂרֵי הַמְלוּכָה אוּנ דֶער הוֹיבְּט רבי שמעון ווערטהיימער הָאבִּין פַאר לוֹיבְּט זַיין קְרָאם אִין קֵייזֶערְס דְהָזאֶרעץ אוּנ דִיא קֵייזֶערִינֶע אִיז אֵיין מָאל אַלֵיין אַרָאפּ גִיפָארִין זֶעהֶען זַיין קְרָאם אוּנ אִיהר אִיז גִיוֶועזִין זֵייעֶר גִיפֶעלִין, דֶען שרה דִיא וַוייבּ פוּן רבי מרדכי, אִיז גִיוֶועזִין זֵייעֶר אַיין שֵׂיינֶע פְרוֹיא אוּנ הָאט גִיפִירְט דִיא קְרָאם זֵייעֶר רֵיין אוּנ שֵׂיין אוֹיפְגֶעפּוּצְט, סְחוֹרוֹת הָאט זִיא גִיהַאלְטִין אַלֶע פוּן דִיא בֶּעסְטֶע סָארְטִין אוֹיף דֶער וֶועלְט, וְויא דִיא גְבִירָה (דִיא וַוייבּ פוּן רבי שמעון ווערטהיימער) הָאט אִיהר אוֹיס גִיסְטְרָאיֶעט, אוּנ אַלֶעס מִיט רַאיֶעלִין פְרַייז פוּן אַלֶע מִינִים וָואס מְ'הַאפִּין דַארְפִין הָאט זִיךְ אַלֶעס דָארְטִין גִיפוּנֶען, הָאט דִיא קֵייזֶערִינֶע אוֹיךְ בַּייא אִיהר גִיקוֹיפְט וָואס עֶס הָאט אִיהר גִיפֶעלְט צוּם קֵייזֶערְס קִיךְ, פוּן דִיא אַלֶע זַאכִין אִיז רבי מרדכי זֵייעֶר גְלִיקְלִיךְ גִיוָוארִין, אוּנ מֶער וְויא אַלֶעס הָאט זֵייעֶר גְלִיק גֶענוּצֶען צוּא דִיא הִילְף פוּן אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער, דֶען מֵהַיוֹם וָהָלְאָה הָאבִּין זִיךְ זֵייעֶר פִיל יְהוּדִים בֶּעזֶעצְט אִין וִוינֶען, בִּיז וַואנֶען אַז אִין אַיין מֶשֶׁךְ פוּן אֵיינִיגֶע יָאהר אַרוּם אִיז גִיוָוארִין אַיין גְרוֹיסֶע גֶעמֵיינְדֶע (קְהַל יִשְׂרָאֵל) אִין וִוינֶען, אוּנ רבי שמעון ווערטהיימער מִיט רבי מרדכי הָאבִּין צוּא גִיצוֹיגִין דִיא הֶערְצֶער פוּן קֵייזֶער מִיט אַלֶע שָׂרֵי הַמְלוּכָה אַז זֵייא זָאלִין טָאהן גוּטֶעס מִיט אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער, אוּנ דִיא בֵּיידֶע גְרוֹיסֶע לַייט זַיינֶען זֵייא גִיוֶועזִין וְויא צְווייא מַלְאָכִים וָואס הָאבִּין פֶערְשְׁפְּרֵייט דִיא פְלִיגְלֶען פוּן חֶסֶד אוֹיף דִיא יְהוּדִים אִין וִוינֶען אוּנ אַרוּם אִין דֶער מְדִינָה.

ויהי היום עס וואר איין טאג, פלוצלונג עס הערט זיך איין גרויסער רעש אין שטאט, עס האט גיקאכט אין אלע גאסין פון וויען עיר המלוכה. אין קייזערס דוואָרעץ איז אויך גיוועזין איין גרויסער טומעל אונ דער נאראד האט אליין קלאר ניט גיוואוסט אויף וואס דאס ווייזט, נאר אויף מארגין איז שוין אלעס דער וואוסט גיוואריז, אז דער פאבסט (אפיפיור) פון רום (וואס ער איז דער הויכט פון אלע הערצביסשאפין אונ אלע גלחים) קומען אן מיט פיל קארדינאלין אונ דער קייזער מיט אלע נאצאלסטווא האבין זיך שטארק צוא גיגרייט מקבל פנים זיין איהם אויף דעם דריטין טאג, דער פאבסט מיט זיין גאנצע סוויטע הונדערטער פערד אונ דינער האבין זיך פערשפרייט אין דער פריסטער שטראסע וואס דארטין איז פאר איהם גיגרייט גיוועזין זייער פיל טעמפלען צוא זיין וואונונג, וואס איז גיוועזין זיין צוועק פון דער רייזע? האט דער נאראד ניט גיוואוסט! נאר דיא גילערינטע מענטשין אונ אין דער הויז פון רבי שמעון ווערטהיימער האט מען אלעס גיוואוסט, זיין רייזע איז גיוועזין איין פאליטישע זאך, ער איז גיוועזין אויף איין באהל ביא דעם קייזער, אונ דער קייזער איז גיוועזין ביא איהם, אלע טאג איז אלעס גיוועזין פערזאמלונגען פון דיא קאטאלישע פריסטער (גלחים) אונ מען האט אלעס גימאכט נאייע שווערע געזעצע אויף דער געמיינדע, נאר אויף דיא יהודים איז פלוצלונג ארויס איין ביטערע גזרה אז אין איין משך פון דרייסיג טעג ארום טאר זיך ניט גיפינען איין איש יהודי אין גאנץ וויען, אונ

אין

אִין דֶער גַאנְצֶער גוּבֶּערְנְיֶע , נָאר אִין וַוייטֶע קְלֵיינֶע שְׁטֶעטְלַאךְ מָאגִין זֵייא וואוֹנֶען , אוּנ קַיין שׁוּם פַּרְנָסָה טָארִין זֵייא נִיט הַאלְטִין , אוּנ צוּא דֶער גְזֵרָה הָאט דֶער קֵייזֶער נִיט מַסְכִּים גִיוֶועזִין , וַוייל דֶער שַׁאץ פוּן דֶער לַאנְד (אוֹצָר הַמְלוּכָה) הָאט פוּן יְהוּדִים פִּיל אַיינְטְרָאג גִיהַאט אוּנ זֵייא הָאבִּין בֶּאֱמֶת גְלִיקְלִיךְ גִימַאכְט דִיא מְלוּכָה! מִיט דֶעם גַאנְצִין נַארָאד , זֵייא הָאבִּין פֶערְשְׁפְּרֵייט פֶערְשְׁטַאנְדִיקַייט אוּנ גִישֶׁעפְט אִין דֶער לַאנְד . נָאר דֶער קֵייזֶער הָאט נִיט גִיקָאנְט אִיבֶּער טְרֶעטִין דֶעם פֶערְזָאג פוּן פַּאבְּסְט (אפיפיור) וַוייל אִין יֶענֶער צַייט פְלֶעגִין דִיא פַּאבְּסְטִין רֶעגִירִין אִיבֶּער דִיא מְלָכִים אוּנ אַלֶע קֶענִיגִין פְלֶעגִין צִיטֶערִין פַּאר זֵייא וִויא פַּאר פַּייֶער , וָוארוּם אוֹיבּ נִיט ? פְלֶעגִין זֵייא אַרַיין וַוארְפִין דֶעם קֶענִיג אִין חֵרֶם , פְלֶעגְט עֶר שׁוֹין זַיין אוֹים קֶענִיג אוּנ דֶער נַארָאד פְלֶעגְט אִיהם אַרָאפּ וַוארְפִין פוּן טְרָאהן , וִויא דִיא גֶעשִׁיכְטֶע שְׁרַייבְּט אַז דֶער גְרוֹיסֶער קֶענִיג פוּן דַייטְשְׁלַאנְד הַיינריךְ דֶער פֶערְטֶער אִיז אִין זַיין צַייט גִישְׁטַאנֶען פִּיהר טֶעג בָּארְוֶועס אִין אַיין שֶׁעפְּסֶענְע הִיטִיל פוּן שַׁאנְדֶע אִין דֶעם טֶעמְפִּיל וַואטִיקַאן אִין רוֹם , פַּאר דֶעם פַּאבְּסְט , אוּנ עֶר הָאט אִיהם נִיט גִילָאזִין אַרַיין צוּא אִיהם , בִּיז וַואנֶען אַיין גְרוֹיסֶע הֶערְצָאגִין אִיז גִיקוּמֶען פוּן זַיינְט וֶועגִין בֶּעטִין בַּייא דֶעם אפיפיור אוּנ הָאט אִיהם מַתִּיר חֵרֶם גִיוֶועזִין , דַארוּם אִיז פַּאר אִידִין קַיין יְשׁוּעָה נִיט גִיוֶועזִין דָא אִין וִוינֶען , אוּנ זֵייעֶר לֶעבִּין אִיז גִיוֶועזִין אִין סַכָּנָה .

אוּנְזֶער רבי מרדכי הָאט דֶער הֶערְט דִיא גְזֵרָה ,

הָאט עֶר אויךְ גִיוַויינְט אויף אִידִישֶׁע צָרוֹת , נָאר פְּלוּצְלוּנְג
אִיז אִיהם אַרַיין גִיפַאלִין אִין גִידַאנְקֶען פִילַייכְט אִיז דָאס
דֶער אֵייגֶענֶער בִּישָׁאף (גַלָח) וָואס הָאט אִים אוּנְגְלִיקְלִיךְ
גִימַאכְט , עֶר הָאט זַיין סְחוֹרָה צוּא גִינוּמֶען , אוּנ צוּא לִיבּ
אִיהם אִיז עֶר פֶערְוָואנְדִילְט גִיוָוארִין אִין פְרֶעמְדֶע לֶענְדֶער
אוּנ דִיא הַארְץ אִיז אַיין נָבִיא זָאגְט דִיא הֵיילִיגֶע גְמָרָא ;
רבי מרדכי הָאט זִיךְ וִויא עֶס אִיז דֶער פְרֶעגְט צוּם ווּאוּנוּנְג
פוּן דִיא דִינֶער וָואס זֵייא בֶּעדִינֶען דֶעם אפיפיור •

ויהי היום עֶר גֵייט אַרַיין אִין אַיין וַויין הויז אָנְגִיטָאהן
וִויא אַיין רַייכֶער קוֹיפְמַאן , זֶעהט עֶר אַז דָארְטִין זִיצִין
פִינְף דִינֶער אָנְגִיטָאהן אִין דִינֶער קְלֵיידֶער אוּנ טְרִינְקֶען
וַויין , מֶעד , אוּנ אַלֶערְלֵייא מַשְׁקָאוֹת , אִין מִיטִין זִינְגֶען
זֵייא פוּן גוּט הַארְץ , אוּנ דֶער צֵיילִין דִיא גְבוּרוֹת פוּן דֶעם
אפיפיור מִיט זַיין גְרוֹיס חָכְמָה אוּנ וִויא אַלֶע קֶענִיגִין צִיטֶערִין
פַאר אִיהם •

אִין מִיטִין גֶעשְׁפְּרֶעךְ זָאגְט אַיין דִינֶער , דֶער אפיפיור
דֶער צֵיילְט פַאר אַלֶעמֶען אַיין שְׁרֶעקְלִיכִין טְרוּם (חָלוֹם)
וָואס אִיהם הָאט זִיךְ גִיחָלֶמְתּ , אַז דָאס אִיז אַיין בֶּעוַוייז
אַז מֶען זָאל אַלֶע יְהוּדִים אַרוֹיס טְרַייבִּין פוּן דִיא גְרוֹיסֶע
שְׁטֶעט , אוּנ פֶערְפְּלָאגִין אוּנ דְרִיקִין זֵייא וִויא וַוייט מִיגְלִיךְ
אִיז , פְרֶעגְט אִיהם דֶער צְוֵוייטֶער דִינֶער . וָואס אִיז נָאר
פוּן דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטֶעט ? גִיוִוים הָאט דֶער חָלוֹם אַזוֹ גִיוִויזִין !
זָאגְט דֶער דְרִיטֶער דִינֶער שׁוֹין לַאנְג צַייט גִיוֶועזִין מֶען זָאל
זֵייא צוּא הֵיינְגֶען פַאר דֶעם וָואס זֵייא הָאבִּין אַזוֹא גִיטָאהן
דֶעם קְרִיסְטְלִיכֶען גֶעזֶעצְגֶעבֶּער , דֶער פֶערְטֶער דִינֶער

זאגט (רמ"פ)

זָאגְט , אִיךְ וַוייס נִיט וָואס הָאבִּין מִיר צוּ זַייא . וָואס קָאנֶען מִיר רִיכְטִן אוֹיף אַזוֹ אַיין גִישִׁיכְטֶע וָואס אִיז גִיוֶועזֶן שׁוֹין מֶער וִויא טוֹיזִינְד מִיט פִינְף הוּנְדֶערְט יָאהר , דַאמָאלְס הָאבִּין דִיא יְהוּדִים גִיהַאט אַייגֶענֶע רִיכְטֶער , אוּנ ווִידֶער אִיז דֶען אַיין יוֹשֶׁר אַז צוּא לִיבּ אַיינִיגֶע מֶענְטְשִׁין זָאל מֶען פֶערְגִיסִין אַזוֹא פִיל טַייכִין בְּלוּט פוּן אַיין גַאנְצֶען נַאצְיָאן , קִינְדֶער וֶוערִין נִיט גִישְׁטְרָאפְט צוּא לִיבּ דִיא זִינְד פוּן זַייעֶרֶע וַואתֶרֶע עֶלְטֶערִין בַּייא קַיין רִיכְט אִין דֶער וֶועלְט , הַיינְט וִויא זָאל מֶען זַייא רִיכְטִין פַאר דִיא זִינְד וָואס הָאבִּין גִיטָאהן זַייעֶרֶע עֶלְטֶערִין מִיט צֶוענְדְלִיג הוּנְדֶערְט יָאהר צוּ רִיק , דֶער פִינְפְטֶער דִינֶער זָאגְט , אַז דָאס אִיז אוּנְזֶער אוּנְגְלִיק וָואס מִיר מוּצֶען זַייא אוּם זִיסְט , דֶער פוּן אִיז אוֹיף אוּנְז אַנְגִישְׁטַאנֶען דִיא שְׁלֶעכְטֶע קְרַיינְק אִין דֶעם פָארִיגִין יָאהר , אַז טוֹיזִינְדֶער זַיינֶען פְלוּצְלוּנְג גִישְׁטָארְבִּין , אוּנ אַיין רִיכְטִיגֶער בֶּעוַוייז אַז דָאס אִיז רִיכְטִיג , אַז דִיא אָרִימֶע אוּנְגְלִיקְלִיכֶע יְהוּדִים וָואס וואוֹנֶען אִין דֶער פֶערְשְׁלָאסֶענֶע אוּנ שְׁמוּצִיגֶע גֶעסְהֶע אִין רוֹם הָאט דִיא קְרַיינְק גָאר נִיט גִישַׁאדְט , דֶער אפיפיור הָאט אַלֵיין גִימַאכְט אַיין חֲקִירָה אוּנ דְרִישָׁה בַּייא דִיא דָאקְטוֹרִים , הָאבִּין זַייא גִיזָאגְט אַז בַּייא יְהוּדִים אִיז קַיין אַיין מֶענְטְשׁ נִיט גִישְׁטָארְבִּין פוּן דֶער שְׁרֶעקְלִיכֶע קְרַיינְק , אוּנ וִויא אִיךְ קָאן פִיל יְהוּדִים אוּנ גֶעסְהֶע זַיינֶען זַייא גְרוֹיסֶע בַּעֲלֵי צְדָקוֹת , זַייא טוּעֶן נוּטֶעם אַיינֶע מִיט דִיא אַנְדֶערֶע אוּנ מִיט פְרֶעמְדֶע . מִיר אַלֵיין — זָאגְט דֶער פֶערְטֶער צוּ רִיק — הָאט אַיין יְהוּדִי גִירַאטֶעוֶועט פִיל מָאל . אַיידֶער אִיךְ בִּין גִיקוּמֶען צוּא דֶעם

פָּאטֶער (אפיפיור) בִּין אִיךְ כִּמְעַט פוּן הוּנְגֶער אוֹיס גִינַאנְגֶען, נָאר אַיין יְהוּדִי פְּלֶעגְט מִיר מִיט זַיינֶע גוּטֶעס שְׁטִיצִין אוּנ פְּרָאסְט דֶעם בִּיסִין פוּן מוֹיל אַוֶועק גִינֶעבִּן, אוּנ מַיינֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער בַּייא דֶעם לֶעבִּין דֶער הַאלְטִן, וָואס הָאסְטוּ אִיהם בֶּעצָאלְט? פְּרֶעגְט דֶער פִינְפְטֶער צוּ רִיק, יָע! אִיךְ הָאבּ אִיהם אַיין מָאל גִיוָואלְט טָאהן אַיין טוֹבָה — זָאגְט דֶער פֶערְטֶער — בַּייא דֶעם הֵיילִיגִין פָּאטֶער (אפיפיור) הָאט עֶר מִיר פוּן מַיין שְׁטֶעלֶע גִיוָואלְט אַרוֹיס טְרַייבִּין, עֶר זָאגְט אַז אַיין יוּדֶענְפְרַיינְד אִיז אַיין קְרִיסְטֶען פַיינְד, אִיךְ הָאבּ גִיוַויינְט אוֹיף דֶעם צַעַר פוּן דֶעם יְהוּדִי אוּנ אִיךְ הָאבּ אִיהם נָאר נִיט גִיקָאנְט הֶעלְפִין, וָואס אִיז גִיוֶועזִין מִיט דֶעם יְהוּדִי? פְּרֶעגְט צוּ רִיק דֶער עֶרְשְׁטֶער דִינֶער, אִיךְ וֶועל אַייךְ אִין קוּרְצִין דֶער צֵיילִין, דֶער יְהוּדִי הָאט גִיהַאט זַייעֶר אַיין שֵׁיינֶע טָאכְטֶער אַיין זֶעלְטֶענֶע פַּארְשַׁיין אוֹיף דֶער וֶועלְט, — אַלֶע אִידֶעשֶׁע טֶעכְטֶער זַיינֶען שֵׁיינֶע — וַוארְפְט דֶער צְוַוייטֶער אַרַיין אַיין וָוארְט — זִיא אִיז גִיוֶועזִין אַיין קִינְצְלִיכֶע גֵייטֶערְקֶע, הָאט זִיךְ דֶער הֶער זוּענְץ דֶער לַייבּ דִינֶער אוּנ גֶעהֵיימְרַאטֶע פוּן אפיפיור פוּן אִיהר דֶער וואוּסְט, הָאט עֶר גִישִׁיקְט מִיר רוּפִין נֶעמֶען פִיל אַרְבֶּעט זִיא אִיז גִיוֶועזִין זַייעֶר אַיין אָרֶענְטְלִיכֶע קִינְד, אִיז זִיא גִיקוּמֶען מִיט אַיין אַלְטֶע מוּטֶער צוּא זַאמֶען נֶעמֶען דִיא אַרְבֶּעט, אוּנ ווִיא זוּענְץ הָאט אִיהר דֶער זֶעהֶען. הָאט עֶר דִיא אַלְטֶע מוּטֶער אַרוֹיס גִיטְרִיבִּין אוּנ אִיהר הָאט עֶר נִיט אַרוֹיס גִילָאזִין, אִיז גִיקוּמֶען דֶער פָּאטֶער קְלָאגִין פַאר דֶעם הֵיילִיגִין פָּאטֶער (אפיפיור) אוֹיף דֶער שֶׁענְדְלִיכְקַייט, וָואס

הָאט עֶר גִיעֶנְטְפֶערְט אוֹיף דֶעם — פְּרֶעגְט דֶער דְרִיטֶער — עֶר הָאט אִיהם אַרוֹיס גִיטְרִיבִּין, אוּנ אוֹיף דֶעם יְהוּדִי הָאבּ אִיךְ גִיוָואלְט זַיין אַיין שְׁטִיצֶע, אוּנ אִיךְ הָאבּ עֵדוּת גִיזָאגְט אַז עֶר אִיז אַיין גְרוֹיסֶער עֶרְלִיכֶער מַאן אוּנ אַיין גִינֶעדִיגֶער עֶר אִיז וֶוערְט מֶען זָאל אוֹיף אִים רַחֲמָנוּת הָאבִּין, נָאר דֶער הֵיילִיגֶער פָּאטֶער וִויל גָאר נִיט הֶערִין אוֹיף אַיין יְהוּדִי גוּטֶעם.

וָואס אִיז גִיוָוארִין דִיא עֶנְדֶע מִיט דֶער אִידֶעשֶׁע טָאכְטֶער — פְּרֶעגְט דֶער פִינְפְטֶער — זִיא אִיז אִין אֵיינִיגֶע וָואכִין אַרוּם אַנְטְלָאפִין פוּן וַואטִיקַאן (דָאס אִיז דֶער זֶעלְטֶענֶר גְרוֹיסֶער טֶעמְפִּיל וָואס הָאט אִין זִיךְ פִיל טוֹיזִינְד צִימֶערִין) נָאר זִיא אִיז דָאךְ אוּנְגְלִיקְלִיךְ גִיוָוארִין, אִיז זִיא אַנְטְלָאפִין אִין הָאלַאנְד דָארְטִין הָאט אִיר גִינוּמֶען אַיין אִידֶעשֶׁער קוֹיפְמַאן, אִיז זִיא דָארְטִין יֶעצְט זֵייעֶר גְלִיקְלִיךְ, דִיא אִיבֶּערִיגֶע דִינֶער הָאבִּין גִיהֶערְט דֶעם שֵׁיינֶעם שְׁמוּעֶס פוּן דֶעם פֶערְטִין אוּנ פִינְפְטִין דִינֶער, הָאבִּין זֵייא גִיזָאגְט אִין אֱמֶת הָאבִּין מִיר קֵיינֶער נִיט צוּא דִיא יְהוּדִים, זֵייא הָאבִּין אוּנְז קֵיינֶעם קֵיין שְׁלֶעכְט נִיט גִיטָאהן. אוּנ צוּ וִוישִׁין זִיךְ וֵוייסִין מִיר דֶעם אֱמֶת אַז זֵייא זַיינֶען גִירֶעכְטֶער פַאר אוּנְז נָאר מִיר זַיינֶען דָאךְ דִינֶער וִויא דֶער הֵיילִיגֶער פָּאטֶער וַוייזְט זַיין מְהוּט אוּנ זַיין בְּלִיק. אַזוֹא מוּזִין מִיר נָאךְ טַאנְצִין, אוּנזֶער מֵיינוּנְג אִיז דָאךְ גָאר נִיט!

רבי מרדכי זִיצְט פוּן וַוייטִין אוּנ טְרִינְקְט מֶעד, לִיפֶּעין. אוּנ פֶערְבֶּערְט מִיט אַיין טֵייעֶרִין צִיגַאר וָואס רבי

שמעון (רט״פ)

שמעון ווערטהיימער האט געבראכט פון טערקייא איין מַתָּנָה פאר זיינע געליבטע פריינד.

זייער איין שיינער דופט (רֵיחַ) שמעקט דא פון איין ציגארע, זאגט איין דינער לעבין זאלין אונזערע קאטיילישע איידיל לייט, פון זייא שמעקט גוטעס פון ווייטין, גיין! גיין! זאגט דער ווירט פון ווייןהאנדיל איין דייטש, דעם ציגאר רייכערט גאר איין יְהוּדִי, זייא קוקין זיך ארום אז עס איז וואהר, טאקי איין יְהוּדִי רייכערט דאס, ר׳ מרדכי וויא ער האט דאס אלעס געהערט, האט ער באלד אלעמען מְכַבֵּד געוועזין מיט טייערע ציגארען, אונ האט אלעמען געשטעלט גוטע מַשְׁקֶה, פון אנפאנג האבין זייא ניט געוואלט טרינקען, נאר דער פינפטער דינער איז געוועזין איין יודענפריינד, האט ער געטרונקען צום לעבין פון דעם אפיפיור, האבין שוין אלע געטרונקען. אויף מארגין אונ איבער מארגין איז אויך געוועזין אזו, האט ער זייא ווייטער זייער שיין מְכַבֵּד געוועזין מיט טייערע ציגארין אונ מיט מַשְׁקֶה, פרעגין זייא ביא איהם, ליבער יְהוּדִי! זאגט אונז דעם אֱמֶת איהר מוזט דאך געוויס עפעס מיינען מיט דעם וואס איהר ווארט אונז דא אפּ? איך וועל אייך זאגין דיא ווארהייט איך וויל אייך עטוואס בעטין.

בעט וואס איהר ווילט, רופין זייא זיך אפּ, איך פערלאנג איהר זאלט מיר זאגין וויא קומט מען אן צוא דעם אפיפיור? דאס איז זייער שווער, ער וויל דעם געזיכט פון איין יְהוּדִי ניט זעהען! איך וויל איהם זעהען האצי פון ווייטין, מיר וועלין אייך זאגין — ענטפערין דיא דינער —

ער גייט אַלע טאָג ספּאַצירין אין פרהילינגס גאָרטין, בייא דעם טעמפּיל, אין דער נייענטער שטונדע. דאַמאָלס נעמט ער נאָך קיין מענטשין ניט צוא, קאָנט איהר ליבער יהודי איהם זעהען.

רבי מרדכי האָט זייא זייער שיין אונ ליבלאַך גידאַנקט, אונ מאָרגין פריא איז ער גישטאַנען בייא דעם גאָרטין, זעהט ער פון ווייטין וויא דער אפיפיור גייט אַראָפּ פון דיא טרעפּ אונ שליסט אָפּ דעם גאָרטין, שטייט רבי מרדכי פון ווייטין בייא דעם אַנדער זייט גאָרטין אונ זאָגט דעם פּסוק פון קהלת שלח לחמך על פני המים כי ברוב הימים תמצאנו, דאָס הייסט שיק דיין ברויט אויף דעם וואַסער (וואַרף אַרויס דיין געלד אַמאָל פאַר דעם וואָס דוא קענסט איהם ניט) וואָרום אין איין פערלויף פון דער צייט וועסטו דאָס איין מאָל גיפינען, דען קיין גוטעס וואָס איין מענטש טוט ווערט ניט פערפאַלין, איינינע מאָל האָט רבי מרדכי אַלעס גיזאָגט מיט איין זיסע שטימע דעם פּסוק, ביז וואַנען דער אפיפיור האָט דאָס דער הערט. איז איהם באַלד אַריין אין גידאַנקען אַז דאָס איז דער יהודי, וואָס ער האָט (אין זיין אָרימען בעשטאַנד) בייא איהם צוא גינומען דיא גאַנצע סחורה אונ האָט איהם בעצאָלט ניט מיט געלד נאָר מיט דעם פּסוק שלח לחמך האָט ער איהם מסלק גיוועזין, דער אפיפיור האָט דער קאָנט פון ווייטין זיין גישטאַלט אונ זיין שטימע, נאָר ער האָט זיך גימאַכט וויא ער קאָן איהם גאָר ניט, רבי מרדכי האָט גיגעבין איין שטאַרקין קרעכץ אונ זאָגט: איין גרויסער

גַייסְטְלִיכֶער מַאן הָאט מִיר צוּא גִיזָאגְט , אַז דֶער פָּסוּק שלח לחמך וֶועט אַיין מָאל מִיר אוּם קֶערִין מַיין גְרוֹיסִין שָׁאדִין , אוּנ זַיין וָואךְט וֶועט זִיךְ נִיט אוּם קֶערִין לֶעהר , דֶען דִיא גְרוֹיסֶע לַייט שֶׁעצִין זַייעֶרִין אַיין וָואךְט מֶעהר וִויא טוֹיזִינְדֶער אוֹצְרוֹת גֶעלְד , וִויא דֶער אפיפיור הָאט דָאס דֶער הֶערְט פְרֶעגְט אִיהם דֶער אפיפיור פוּן וַוייטֶען וֶוער בִּיסְטוּ פֶערְפְלוּכְטֶער יְהוּדִי ? אִיךְ בִּין מרדכי דֶער קַאראַבֶּעלְנִיק וָואס הָאט גִיהַאט גְרוֹיס עהְרֶע צוּא הָאבִּין פוּן אַיין גִיבֶּענְטְשְׁטִין פַּאפַּא (פָּאטֶער) דֶעם פָּסוּק אִין פוזנא מִיט פוּפְצִין יָאהר צוּא רִיק . בַּייא דִיר הָאבּ אִיךְ דָאס גִינוּמֶען פִיל סְחוֹרָה (אוּנ נִיט בֶּעצָאלְט) , יַא ! לִיבֶּער גַייסְטְלִיכֶער פַּאפַּא ! בַּייא מִיר זֶעלְבְּסְט , קוּם אַרַיין צוּא מִיר אִין נַאבֶּענֶעט , אִיךְ וֶועל מִיט דִיר אַבִּיסִיל פֶערְבְּרֵיינְגֶען , עֶר אִיז מִיט אִיהם אַרַיין אוּנ הָאבִּין זִיךְ גוּט דֶער קָאנְט , דֶער אפיפיור הָאט אִיהם דֶער צֵיילְט וִויא אוּנְגְלִיקְלִיךְ עֶר אִיז גִיוֶועזִין וֶוען עֶר אִיז דַאמָאלְס דוּרְךְ גִיפָארִין דוּרְךְ פוזנא , אַז עֶר הָאט אִיהם נִיט גִיהַאט מִיט וָואס צוּ בַּצָאלִין פַאר דִיא קְלֵיינִיקַייטִין סְחוֹרָה , אוּנ וִויא גְלִיקְלִיךְ עֶר אִיז יֶעצְט . רבי מרדכי הָאט אִיהם אוֹיךְ דֶער צֵיילְט דִיא סִיבּוֹת וָואס מִיט אִיהם הָאט גִיטְרָאפִין אוּנ וִויא עֶר אִיז יֶעצְט ב״ה אוֹיךְ גְלִיקְלִיךְ אוּנ בַּייא דֶעם קֵייזֶער תַּקִיף , פְּרֶעגְט אִיהם דֶער אפיפיור , דוּא בִּיסְט דָאס דֶער מרדכי היהודי וָואס דֶער קֵייזֶער הָאט דִיר זַייעֶר גִילוֹיבְּט פַאר מִיר מִיט אַיין גִישִׁיכְטֶע פוּן אַיין סְטוּדֶענְט ? יַא ! לִיבֶּער גַייסְטְלִיכֶער פַּאפַּא ! אִיךְ בִּין דָאס זֶעלְבְּסְט , נָאר וָואס וִוילְסְטוּ יֶעצְט ,



דען

דֶען גֶעלְד פֶּעלְט; דָאךְ דִיר שׁוֹין נִיט. דֶער אוּנְגְלִיק וָואס
אִיךְ הָאבּ דִיר גִימַאכְט. הָאט דיר צוּא אַיין גְרוֹיסֶין גְלִיק
גִיבְּרַאכְט, צוּ וָואס ווִילְסְטוּ נָאךְ?
אִיךְ ווִיל אַז מַיין גְלִיק וָואס נָאט פוּן הִימֶל הָאט מִיר
גִיגֶעבִּין, זָאל נִיט זַיין צוּ רִיק פַאר אַיין אוּנְגְלִיק. דֶען נָאךְ
דֶער גְזֵירָה וָואס עֶס אִיז אַרוֹיס פוּן דִיר גַייסְטְלִיכֶער פַּאפַּא
(פָּאטֶער) טָאר אִיךְ מִיט מַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער דָא שׁוֹין נִיט
וואוֹנֶען, דִיר לִיבֶּער יְהוּדִי אוּנ דֶעם הֶער ווערטהיימער
וֶועט מֶען לָאזִין זַיין דָא ווִיא פְרִיעֶר אִיהר הָאט בַּייא אוּנְז
דִיא גַאנְצֶע פְרַייהַייט אוּנ בִּירְגֶער רֶעכְט, אִיהר וֶועט לֶעבִּין
דָא אִין פֶערְגֶעגְנִיגֶען, נֵיין! לִיבֶּער פָּאטֶער! דָאס אִיז בַּייא
אַזוֹא אַיין סָארְט מֶענְטְשִׁין ווִיא מִיר זַיינֶען נִיט קַיין רוּעֶה,
אוּנ פֶערְגֶעגְנִיגֶען. נָאר פַּיין אוּנ אוּנְגְלִיק, מִיר וֶועלִין
שְׁטַארְבִּין אִן דֶער צַייט וֶוען מִיר וֶועלִין זֶעהֶען דֶעם פַּיין
פוּן אוּנְזֶערֶע אוּנְשׁוּלְדִיגֶע בְּרִידֶער אַז מֶען זָאל זַייא צוּא
טְרַייבִּין ווִיא שָׁאף וָואס אַנְטְלוֹיפִין פוּן זֵייעֶר יָאגֶער אוּנ
הָאבִּין קַיין וַוייְדוּנְג נִיט, הָאט רַחֲמָנוּת לִיבֶּער פָּאטֶער אוֹיף
זַייא אוּנ צוּא רַייס דִיא שְׁלֶעכְטֶע גְזֵירָה אָן דִיר וֶוענְדֶעט זִיךְ
אַלֶס, פַאר דַיין פֶערְזָאג צִיטֶערִין דִיא גְרֶעסְטֶע קֶענִיגִין אוּנ
טוֹיזִינְדֶער מֶענְטְשִׁין, רבי מרדכי הָאט פַאר אִיהם גִיהַאלְטִין
אַיין טַייעֶרֶע גַייסְטְלִיכֶע רֶעדֶע אוּנ עֶר הָאט זִיךְ זֶעלְבְּסְט
זֵייעֶר שְׁטַארְק פֶערְווֵיינְט מִיט אַיין מוֹרַאלִישֶׁע שְׁטִימֶע אוּנ
אִיז גִיפַאלִין אִיהם צוּא דִיא פִּיס אוֹיף מַיין אָרִימֶע פָאלְק!
הָאט עֶר אַיין גִישְׁרֵייא גִיטָאן צוּם אפיפיור בִּיז וַואנֶען אַז
פוּן זַיין שְׁטֵיינֶרְנֶע הַארְץ הָאט זִיךְ גִיעֶפִינְט אַיין קְוַואל פוּן
רחמנות (רמ פ)

רַחֲמָנוּת אוּנ טוּט אַיין גִישְׁרַייא פְּלוּצְלוּנְג פוּן דַיינְט וֶועגִין לִיבֶּער יְהוּדִי צוּא לִיב דַיין חֶסֶד וָואס דוּא הָאסְט מִיר (מִיט פוּפְצִין יָאהר צוּא רִיק) גִיטָאן וועל אִיךְ צוּ רַייסִין דִיא גְזֵרָה, דֶער פָּסוּק שלח לחמך על פני המים הָאט זִיךְ מִיר שְׁטֶענְדִיג פָאר גִישְׁטֶעלְט פַאר דִיא אוֹיגִין וֶוען וֶועל אִיךְ קָאנֶען דִיר לִיבֶּער יְהוּדִי אָפּ גֶעבִּין אַיין גוּטֶע בֶּעלָאנוּנְג, נָאר יֶעצְט פְרֵייעֶה אִיךְ זִיךְ אַז מִיר אִיז דָאס צוּא דֶער הַאנְד גִיקוּמֶען, זָאגְט רבי מרדכי פוּן טִיפֶען הַארְצִין דַאנְקֶע אִיךְ גָאט פוּן הִימְל, אַז עֶר הָאט דִיר פָּאטֶער גִילָאזְט לֶעבִּין אוּנ מִיר, צוּא זֶעהֶען מִיט אוּנְזֶערֶע אוֹיגִין דִיא עֶנְדֶע פוּן דֶעם וָואס פֶערְזַייט גוּטֶעס אוּנ חֶסֶד, אוּנ יֶעצְט זֶעהְט מֶען דִיא גֶעטְלִיכֶע פִירוּנְג אַז יֶעדֶער זַאךְ אִיז אַלֶעס מִיט זַיין הַשְׁגָחָה, דֶער אפיפיור הָאט דֶעם רבי מרדכי זַייעֶר טַייעֶרֶע מַתָּנוֹת גִיגֶעבִּין אוּנ בַּאלְד צוּא רִיסִין דִיא בֵּייזֶע גְזֵירָה • וליהודים היתה אורה ושמחה, אִידֶען זַיינֶען נָאךְ דֶער צַייט פִּיל צֶעהֶענְדְלִיג יָאהר גִיזֶעסִין אִין עֶסְטְרַייךְ זַייעֶר רוּהִיג אוּנ הָאבִּין גִידַאנְקְט גָאט, אוּנ דֶער מָאנְט דֶעם נָאמֶען פוּן רבי מרדכי הַצַדִיק צוּא גוּטִין כָּל הַיָמִים, אוּנ פוּן זַיינֶע קִינְדֶער אוּנ פוּן רבי שמעון ווערטהיימער פַאמִילְיֶע גְלַאנְצִן נָאךְ הַיינְט אוֹיךְ אִין ווִיעֶן. ווִיא לִיכְטִינֶע שְׁטֶערִין אִין מַעֲשֵׂה הַצְדָקָה וְהַחֶסֶד, וָוארוּם דֶער וָואס פַאר זַייט גוּטֶעס שְׁנַיידִין זַיינֶע קִינְדֶער בִּיז דִיא לֶעצְטֶע דוֹרוֹת עֹשֶׁר נַחַת אוּנ גְדוּלָה •



# בְּעקַאנְטְמַאכוּנְג׃

איך מעלדע דיא ליבע לעזער אז איך וועל איה ארויס געבין פיל ערצייילונגען ביאגראפיעס פון אונזערע גרעסטע העלדין וואס זייא גלענצין אין דער אידעשע היסטאריע, וויא צוב"ש רב האי גאון, רב חסדאי ן' שפרוט, רבינו שמואל הנגיד, רב אלפס, רש"י, רמב"ם, אבן עזרא, רבינו תם, רמב"ן, ר' מאיר מרוטטענבורג, דער האר"י הקדוש, אונ נאך פון גרויסע גאונים, וואס האבין פערלויכטין דיא וועלט, אלס אויף עברי דייטש מיט גרויס געשמאק באריכות ברשיון הצענזוריא, פערזאמעלט פון פיל פערשיידענע ספרים, יראו ישרים וישמחו.

# בעקאנטמאכונג:

איך מעלדע דיא ליבע לעזער אז איך וועל אי"ה ארויס געבען פיל ערציילונגען ביאגראפיעס פון אונזערע גרעסטע העלדין וואס זייא גלענצין אין דער אידישע היסטאריע, וויא צוב"ש רב האי גאון, רב חסדאי ן' שפרוט, רבינו שמואל הנגיד, רב אלפס, רש"י, רמב"ם, אבן עזרא, רבינו תם, רמב"ן, ר' מאיר מרוטטענבורג, דער האר"י הקדוש, אונ נאך פון גרויסע גאונים, וואס האבין פערלויכטין דיא וועלט, אלעס אויף עברי דייטש מיט גרויס געשמאק באריכות ברשיון הצענזורא, פערזאמעלט פון פיל פערשיידענע ספרים, יראו ישרים וישמחו.